## דער לעבעדיקער

# שפּיל און לעבן



פאַרלאַג „אחיספר“ וואַרשע

---

ביי געז. „צענטראַל“, נאָוואָליפּקי 7.

# אינהאַלט

זייט

# „ש י י ל א ק".

(קאָמעדיע אין 5 אַקטן, פון וויליאַם שעקספּיר, רעזשי פון רודאָלף שילד-קרויט אין נייעם טעאַטער).

שײַלאָק איז די גרעסטע יידישע טראַגעדיע, כאָטש זי איז געשריבן פון אַ גוי גמור אַלס אַ קאָמעדיע.

מיט שײַלאָקס פיגור האָט שעקספּיר די יידישע לאַגע אין דער וועלט אַוועקגעשטעלט אַזוי, אַז מען קען צו איר גאָרנישט צושטעלן.

דר. פינסקערס „עמאַנסיפּאַציאָן" האָט די יידן-פראַגע דערגרונטעוועט ביז צו דער סאַמע טיפסטער טיפקייט, אָבער וויליאַם שעקספּיר האָט פריער געלעבט פאַר פינסקערן...

שעקספּירס גרויסקייט ליגט אין דעם, וואָס דאָס, וואָס האָט געדאַרפט נעמען אונזערע נאַציאָנאַליסטן פון אַלע מינים קאָפּעליושן, איינצוזען מיט איבער דריי הונדערט יאָר שפּעטער, האָט ער, שעקספּיר, עס געזען מיט איבער דריי הונדערט יאָר פריער...

האָך און וויוואַט פאַר דעם אַלט-יונגן וויליאַם שעקספּיר!

ווייל מעגן זיך די אַנטיסעמיטן זאָגן, וואָס זיי ווילן, מיר, יידן, האָבן זיך מיט שײַלאָק נישט וואָס צו שעמען!

שײַלאָק איז נישט קיין בלוטדורשטיקע חיה, אַ ייד אַן אַכזר און קאַלט-גייציקער פּראָצענטניק — שײַלאָק איז פריער פון אַלץ און שפּעטער פון אַלץ אַ גרויסע פּערזענלעכקייט, וועלכע דערהייבט זיך אין זיינע מאָנאָלאָגן צו אַ גרויסער נאַציאָנאַלער פיגור.

שײַלאָקס מאָנאָלאָג — איז אונזער געשיכטע אין קורצן.

שײַלאָק איז די אייביקע יידישע נקמה, וואָס ברענט אין אונז און ווערט דערשטיקט מיט די נעגל פון דער גוישער „גערעכטיקייט".

שײַלאָק פאַרמאָגט דעם גרויסן נקמה-געפיל, וועלכער לייטערט יחידים און גיט לעבן גאַנצע פעלקער...

אונזער ל. שאַפּיראָ האָט 300 יאָר נאָך שעקספּיר באַארבעט אין זיין „יידישער מלוכה" שטיקלעך פון אונזער נקמה-געפיל. שעקספּיר האָט מיט 300 יאָר פריער עס באַארבעט אין איר גאַנצער גרויס...

ער האָט אַרויסגעפירט שיילאָקן מיט דער קלאָרקייט פון אַ גרויסן זעער, מיט דער קלאָרקייט פון אַ גרויסן מייסטער. און מיר דוכט, אַז די גוייִשע וועלט האָט געדאַרפט ווייניק זיך גרויסן מיט שעקספּירס פאָרשטעלונג פון איר.

די קריסטן פון „דעם קויפמאַן פון ווענעדיק" זענען אַלע קליינינקע נפשות, כיטרע, לעקערישע, פאַרקויפטע מענטשעלעך.

זייער האַס איז אַ ליליפּוטישער, אַ פּאַיאַצישער, אַ שפּיי אין באָרד, אַ בריק מיטן פוס — ווען זיי דאַרפן נישט דעם יידן, און חניפה און לעקעריי — ווען זיי דאַרפן אים יאָ...

ווי קליין זיי זענען אַלע אַנטקעגן שיילאָקן!

שיילאָק רעדט כסדר איין לשון. שיילאָק פּראָקלאַמירט הויך זיין ווילן. שיילאָק שרעקט זיך נישט, כאָטש ער פילט, אַז ער איז אַרומגערינגלט מיט שונאים פון אַלע זייטן און ער איז בלויז איינער. ער איז דער אָפענער קעגנער צו דער קריסטלעכער צבועצקער וועלט. ער ווייסט, וואָס מען קאָן פון די קריסטן דערוואַרטן...

און ווען זיי, די קריסטן, נעמען ביי אים צו אַלץ, גנבענען אַוועק זיין איינציקע טאָכטער, נעמען צו זיין געלט, נאַרן אים אָפּ אין געריכט, מאַכנדיק חוזק פון זייער אייגענעם געזעץ, אַבי נאָר צו באַזיגן אַ יידן, און ווען זיי באַזיגן אים טאַקע — ערשט דאַן בלייבט שיילאָק נישט באַזיגט, ער בלייבט מיט זיין „שמע ישראל ה' אחד".

און זעענדיק אַזוי שיילאָק אין שילדקרויטס אויסטייטשונג, האָב איך אָנגעהייבן באַגרייפן, פאַרוואָס שעקספּיר האָט שיילאָקן גערופן קאָמעדיע און נישט טראַגעדיע. ער האָט געוואָלט באַווייזן די קאָמעדיע פון די קריסטן, די קאָמעדיע, וואָס זיי מאַכן פון זייער אייגענעם געזעץ און אייגענער גערעכטיקייט. קאָמיש אין איר גאַנצער טראַגישקייט איז די אייביקע קאָמעדיע, וואָס זיי שפּילן מיט אונז.

קאָמיש זענען זיי, אָט די אַלע אַנטאָניאָס, באַסאַניאָס, סאַלאַרינאָס, גראַציאַנאָס, לאָרענציאָס און נישט שיילאָק. שיילאָק איז ט ר אַ ג י ש — און ווי אַלע, וואָס זענען טראַגיש—גרויס, פּאַטעטיש און דערהייבן.

איך האָב אַ סך דורכגעלעבט, צוקוקנדיק שילדקרויטס שיילאָק.

שילדקרויטס שײַלאָק רעדט אומעטום מיט ווירדע, מיט שטאָלץ. שילדקרויטס שײַלאָק איז אַ באַוואוסטזיניקער ייד. ער קאָן די גויִים, ער ווייסט, וואָס מען קאָן פון זיי דערוואַרטן. און ווען ער פאָדערט זײַן פונט פלייש, דאַכט זיך, אַז ער ווייס, אַז ער וועט עס נישט קריגן. נאָר ער וויל נאָכאַמאָל שטעלן צו פּראָבע די קריסטלעכע גע־רעכטיקייט. אַליין גלויבט ער שוין נישט אין איר. אָבער ער וויל אויסלאַכן די קריסטן מיט זייערע משפּטים...

די סצענעס אין סוף צווייטן אַקט, ווען שײַלאָק קומט אַהיים און געפינט נישט די טאָכטער, פירט שילדקרויט דורך אַמקינסטלע־רישטן.

שטיל, מיט חן, מיט ווירדע וויינט ער. א י ן ז י ך וויינט ער. ער שרייט נישט, נאָר ער העשעט. אָט אַזוי דאַרף וויינען דער ייד שײַלאָק!..

אויך די סצענע אין געריכט איז וואונדערבאַר גוט דורכגעפירט געוואָרן פון שילדקרויטן. זײַן קוקן, וואָס ער קוקט אַלע ווײַלע אָן די גויִים — איז דאָס טיפטטע. וויפל איראָניע, וויפל גויִים־פאַרשטענד־ניש עס דריקט זיך דאַן אויס אין שײַלאָקס קוק!

שילדקרויט האָט פון דעם יידן שײַלאָק אַוועקגענומען דאָס קאָמישע, וואָס איז דאָ אין דעם געטאָ־יידן. ער האָט אים אַוועקגע־שטעלט הויך, ווי ער דאַרף זײַן, ווירדיק, ווי ער דאַרף זײַן, און ווען ער רופט: „שמע ישראל ה׳ אחד״, איז דאָס ווי אַן אויסרוף צו דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט.

# „גאָט פון נקמה״.

(דראַמע אין דריי אַקטן, פון שלום אַש, אין נייעם יידישן טעאַטער).

שלום אַש איז אַ סך זאַכן נישט. אָבער דערהויפּט איז ער נישט קיין רעאַליסט. ער איז דאָס נישט אַפילו אין זיינע רעאַ־ליסטישסטע זאַכן.

דאָס איז זיין חסרון און מעלה. דער חסרון: ביי אים זענען אַלע העלדן צופיל יום־טובדיק, צופיל פאַרפּוצט, צופיל פאַרשטריימלט און פאַרזיידן־קאַפּאָטעוועט...

אַלע רעדן מיט הויכע ווערטער, מיט מליצה, מיט אַשס לשון פון קוטנע...

זיין מעלה: שלום אַש איז אַ ראָמאַנטיקער. ער איז דאָס אומעטום. אַפילו וואו מען באַדאַרף עס נישט... אַשן קאָן מען נישט פרעגן: צו וואָס באַדאַרף ער עס? ווייל ער קאָן ענטפערן: איך באַדאַרף עס, איך וויל עס, ווייל איך מעג עס, ווייל איך האָב טאַלאַנט!

„גאָט פון נקמה״ האָט אַלע מעלות און חסרונות פון אַשס פעדער.

זיינע העלדן. אַפילו דער הויפּט־העלד יענקל שאַפּשאָוויטש רעדט צו ליטעראַריש־שיין. זיי זענען בכלל צו פיין פאַר זייער סביבה. זיי פעלט די רויִקייט פון אַזעלכע מענטשן. אַש אַנטמענטשט זיי, אַזוי צו זאָגן, און מאַכט פון זיינע העלדן אָפּט אַש...

אין צווייטן אַקט רעדן ביי אים די מיידלעך פון „הייזל״ מיט אַזאַ פּאָעטיש־מליצהדיק לשון וועגן רעגן, ווי עס וואָלטן געדאַרפט רעדן וועגן דעם יונגע רייכינקע סטודענטקעס. דאָס לשון איז נישט זייערס.

אין לעצטן אַקט רעדט דער פעטער צו הויך פאַר זיין פּעטע־ רישקייט, אַזוי צו זאָגן. עס איז אַ פאַרנעם גאָרנישט ווי פון אַ יאַנקל שאַפּשאָוויטשעס פּסיכאָלאָגיע.

דאָס זענען די חסרונות פון „גאָט פון נקמה".

אָבער דערפאַר זענען דאָ אויך מעלות. ערשטנס, די „אידעען" (וואָס האָט עטלעכע אידעען אין זיין דראַמע). די אידעען זענען, אַז גאָט איז אַן אל קנא ונוקם... אָדער אַז קעגן בלוט, וואָס גייט איבער בירושה פון מאַמע צו טאָכטער, קאָן אַפילו אַ ספר תורה נישט העלפן... אָדער אַז די סביבה איז שטאַרקער פון דעם מענטשן... און חוצדעם, איבער דעם גאַנצן הייזל, פון אויבן ביז אונטן, שוועבט אַרום דער הויך פון אַשס פּאַטאָס, פון זיין ראָמאַנטישן אָטעם און דאָס נעמט אַוועק פון „הייזל" איר וואולגאַריטעט, איר הייזלדיקייט...

אָבער אַש האָט נאָך גליק אויך דערצו.

דאָס גליק איז, וואָס דער הויפּטהעלד פון זיין „הייזל" פאַלט שטענדיק אַריין אין גוטע הענט.

אַמאָל האָט אים געשפּילט דוד קעסלער. איצט שילדקרויט. און ביידע, אי קעסלער, אי שילדקרויט, האָבן אומגעקערט דעם פעטער יענקל שאַפּשאָוויטש זיין מענטשלעכע געשטאַלט...

און דערהויפּט איז דאָס געלונגען שילדקרויטן.

קעסלער האָט געשפּילט יענקלען מער אויסערליך. שילד־ קרויט — מער אינערלעך. ביי קעסלערן איז ער געווען מער אַקטיוו מיט די שטיול (ווען ער לויפט אַרויף אָדער אַראָפּ פון די טרעפּ). ביי שילדקרויטן איז ער מער אַקטיוו מיט די אַקסלען.

קעסלער האָט יענקלען אויסגעטופּעט, שילדקרויט אַקסלט אים אויס.

קעסלער האָט אים געשפּילט מיט טאַלאַנט, שילדקרויט שפּילט אים מיט גרויס טאַלאַנט.

שילדקרויטס גרויסקייט איז זיין שטימע. איך האָב שוין אויף מיין לעבן געהערט פיל שטימען פון יידישע אַקטיאָרן. אייניקע האָבן מיך געערגערט מיט זייער פּוסטקייט, אייניקע מיט זייער הייזעריקייט. פאַר אייניקע אַקטיאָרסקע שטימען שרעק איך זיך פּשוט...

פאַר שילדקרויטס שטימע בין איך באַגייסטערט, איצט נאָכמער, ווי אַמאָל.

שילדקרויט האָט די אינטערעסאַנטסטע און פיינסטע שטימע פון

אלע יידישע אַקטיאָרן. אַזעלכע שטימען פאַרמאָגן נאָר איינצלנע שטים־געבענטשטע.

אין שילדקרויטס שטימע ליגט דער סוד פון זיין טאַלאַנט.

ווען מען מאַכט צו די אויגן און מען הערט שילדקרויטן רעדן, דאַכט זיך אייך, אַז עס קומט פון ערגעץ ווייט־ווייט, פון מרחקים. און זי קומט נישט פון אַ קעל, נאָר פון אַ טיפן הויל... אין דער שטימע הערט זיך אַזויפיל דורכגעלעבטקייט. די שטימע איז אַזאַ ווירקזאַמע אין איר שטימענלאָזיקייט, אַ שטאַרקע אין איר שוואַכקייט...

און די שטימע גגבעט זיך אַריין צו אייך, ווי אַ געליבטע, און באַזעצט זיך ביי אייך אין האַרצן, און איר וועט שוין די שטימע געדענקען!..

אָבער דער הויפּט־כוח שילדקרויטס ליגט אין זיין צוקן מיט די אַקסלען, אַרויף און אַראָפּ...

ביי אַנדערע קינסטלער ליגט דער טאַלאַנט אין די אויגן, אין שטימע; ביי אַנדערע אין די פיס, אין די פּיאַטעס. גאָר ביי אַנדערע אין טריקא (זיידענע, פאַרשטייט זיך). ביי שילדקרויטן ליגט ער הויפּט־זעכלעך אין די אַקסלען.

ווען שילדקרויט גיט נאָר אַ צוק מיט די אַקסלען — פאַרשפּאָרט ער צו רעדן און אַפילו באַוועגן זיין געזיכט. ער האָט אַקסל־מימיק, אַזוי צו זאָגן.

שילדקרויטס שולטערן זענען די מאָס פון זיין שפּילן און אויך די מאָס, פון וואָס ער שפּילט.

וואָס גרעסער די ראָלע, וואָס שילדקרויט שפּילט, אַלץ מער אַרבעט האָבן זיינע אַקסלען.

אין „גאָט פון נקמה" (דערהויפּט אין לעצטן אַקט) רוען כמעט נישט זיינע אַקסלען...

יידן, קונסט־מבינים! גייט זען, ווי עס אַרבעטן שילדקרויטס אַקסלען און איר וועט פאַרשטיין דעם סוד פון קונסט און קינסטלער!!

## בן עמי אין „שמשון און דלילה.“

(פון סווען לאַנגע, אין גרינוויטש ווילעדזש טעאַטער).

איך האָב געזען בן עמי, אונזער בן עמי, אויף דער ענגלישער בינע. געזען אים אין זיין גרויסער ראָלע אַלס פעטער קרומבאַק. געזען אים מיט פאַרמאַכטע אויגן און מיט אָפענע, מיט יידישע און נישט יידישע אויגן און מיט די ספעציעלע אויגן פון אַ קריטיקער— און אַ סך דורכגעלעבט, דורכגעטראַכט און דורכגעפילט. ערשטנס, האָב איך געטראַכט וועגן דעם, ווי אַ שפּראַך פאַרענדערט עס אַ מענטשן, מאַכט איבער אַפילו אַן אַקטיאָר, וואָס איז אַליין אַ גרויסער איבערמאַכער... אָט איז, דאַכט זיך, דערזעלבער בן עמי, אונזער בן עמי. ער טראָגט נאָך אַפילו דעמזעלבן מאַנטל. בן עמי דער האָדע-וואָניק פון פרץ הירשביין, דער יידיש-ליבנדיקער אינטעליגענט, און דאָך איז עס שוין נישט בן עמי! די שפּראַך האָט אים אַזוי איבער-געאַנדערשט, אַז עס איז אים שווער צו דערקענען. דו הערסט די שטים און דו דערקענסט נישט. דער הקול קול יעקב בן עמי איז כמעט פאַרשוואונדן... אָפט גיט נאָך אַ ציטער אַ יידישע נאָטקע, אָבער בכלל איז דאָס אַן ענגליש-שפּרעכנדיקער אַקטיאָר, וואָס קאָנ-קורירט אין ענגליש רעדן מיט די איבעריקע...

איך בין געזעסן מיט צוגעשלאָסענע אויגן און געהערט בן עמי. (איך האָב אים פריער פון אַלץ געוואָלט הערן און נישט זען). גע-הערט און געטראַכט וועגן דער פאַרפלוכטער שפּראַכן-פראַגע, און בן עמיס שטימע האָט מיר באַשטעטיקט די אַלטע טעאָריע וועגן שפּראַכן און נאַציאָנאַליטעטן: אַ שפּראַך איז נאָך אַלעמען אַ גרויסער ענין... דורך דער שפּראַך דערפילט מען די נאַציאָנאַליטעט. רעדט אַ ייד זיין מוטערשפּראַך, איז ער שוין ממילא אַ ייד. און אויב מיר האָבן—

צו אונזער גליק אָדער אומגליק — נישט פאַרלאָרן די פייגנבוימס, די קראַנצעס, די יאַנאָווסקיס, איז דאָס, ווייל מיט זייער גאַנצן ווילן זיך צו דערווייטערן פון אונז, האָבן זיי דאָך געראָדט יידיש. אָבער ווען אַ ייד הייבט אָן רעדן אַן אַנדער לשון — ווערט ער שוין ממילא אויס ייד. ער ווערט פרעמד, כאָטש ביי אים אונטערן זשילעטקע קלאַפּט נאָך דאָס יידישע האַרץ...

יאָ, די שפּראַך איז זייער אַ וויכטיקער ענין.

און דאָס טראַכטנדיק, האָט מיר געגומען ווי טאָן דאָס האַרץ פאַר אונזערע בן עמיס, וואָס הויבן פריער אָן רעדן אַ פרעמד לשון און מיטן פרעמדן לשון קומט די פרעמדע סביבה, וואָס פאַרשלינגט זיי און — ברוך דיין אמת! אַסימילאַציע, האָב איך זיך דערטראַכט צו אַ נייעם אַפאָריזם, גייט דורך פריער פון אַלץ דורכן האַלז, קומט אַרויס פון מויל און דאַן גייט זי צוריק אַרונטער און דערגרייכט צום האַרצן... און ווען זי קומט צום האַרצן, דאַן איז שוין קאַפּוט!

דאָס אַלץ האָב איך געטראַכט מיט צוגעשלאָסענע אויגן. נאָכ־דעם האָב איך געעפנט די אויגן און געגומען זען בן עמין און איך האָב אויף אים געקוקט און זיך געזאָגט: ניין, נאָך אַלע מיינע שפּראַך-טעאָריעס איז עס דאָך א ו נ ז ע ר ע ר! דאָס לשון קען מען ענדערן, אָבער נישט דעם הילוך — דער הילוך, אַזוי צו זאָגן, פון אַ יידן צווישן גויים... און יעקב בן עמי גייט נאָך אַלץ, ווי אַ ייד... ווי אַן אונזעריקער. זיין הילוך, זיין שטעקל, זיין בליק און קנייטש טראָגט נאָך אויף זיך דעם צייכן פון דורות און דורות. עס איז אַ הילוך, וועלכן נאָר אַ ייד הילוכט. און קיין פרעמדע בינע קען עס נישט איבעראַנדערשן. און מיט דעם הילוך, האָף איך, וועט יעקב בן עמי נאָך צוריק מוזן הולכן צו אונז...

* * *

בן עמי שאַפט אין „שמשון און דלילה" אַן אייגנאַרטיקן העלד, אַ מאָדנעם דיכטער, וועלכן מען באַגעגנט שוין איצט אפשר נישט,

ווייל איצט זענען שוין די דיכטער אויך גאָר אַנדערע... קיין שוואַכע זענען זיי שוין נישט... זיי שרייבן בלויז שוואַכע לידער...

אַן אייגנאַרטיקער העלד איז דער קרומבאַק, לויט ווי עס פּאַסט אים אויף בן עמי. אָבער קיין גאָר גרויסעס, וואונדערלעכעס זע איך נישט אין דעם. פאַרוואָס באַזינגט אים אַזוי די ענגלישע פּרעסע? פּשוט, פאַר זיי איז עס אַ נייס... אָבער מיר, וואָס האָבן בן עמין געזען אין אַנדערע ראָלן, ווערן ווייניקער נתפּעל. למשל, איך האַלט, אַז בן עמי איז פיל גרעסער און שטאַרקער און פּיל־פּאַכיקער און פאַרביקער אַלס יאָהאַנוס וואקכאַראַט אין „איינזאַמע מענטשן" פון הויפּטמאַן. ס'איז כּמעט דערזעלבער טיפּ, ווי קרומבאַק פון „שמשון און דלילה", אָבער דאָרט איז ער אינטערעסאַנטער, דראַמאַטישער און רייכער...

בן עמיס גאַנצע גבורה ליגט אין זיין שוואַכקייט. בן עמי קען וואונדערלעך שטאַרק זיך אריינלעבן אין שוואַכע מענטשן. מיר זענען שוין געוווינט צו שוואַכע טיפּן, אונז זענען זיי אין אַ געוויסן זין מיאוס געוואָרן. מיר ווילן גאָר שטאַרקע, קרעפטיקע העלדן, אָפט אַפילו ברוטאַלע. אָבער פאַר זיי, פאַר די שטאַרקע גויים, פאַר די מענטשן מיט צופיל בלוט און צו שטאַרקע מוסקולן, איז אַ פאַר־שטעלער פון שוואַכע טיפּן אַ דערפרישונג. אַט פון דעם שטאַנדפּונקט באַגרייף איך, פאַרוואָס בן עמי איז ביי זיי אַזאַ גרויסער דערפאָלג. זיי, די גויים, האָבן ליב דעם קאָמיזם פון שוואַכע, און יעדער שוואַכער איז קאָמיש פאַר אַ שטאַרקן... זיי, די שטאַרקע, האָבן דערפון הנאה. אונז, שוואַכע, ערגערט עס... מיר ווילן זען שטאַרקע, גיבורים...

נאָך איין זאַך וויל איך באַמערקן: בן עמי האָט דאָס באַ־וועגלעכסטע געזיכט, וואָס איך האָב ווען געזען. צי ער באַוועגט זיין געזיכט מיט דעם כּוח פון זיין טאַלאַנט, צי מיט דעם כּוח פון זיין אינטעליגענץ, צי מיט ביידע זאַכן צוזאַמען — דאָס ווייס איך נישט. יעדער קנייטשעלע איז קענטיק אויף זיין פּנים, יעדער דורכלויפּנ־דיקער וואָלקנדל זעט זיך אָן... און אין „שמשון און דלילה" געלינגט עס אים הויפּטזעכלעך אין דער שטאַרב־סצענע, אין לעצטן אַקט. אַזוי שטאַרבן איז נאָך קיינער נישט געשטאָרבן. דאָס איז אַ גרויסער אויפטו אין דער גרויסער פאַמיליע פון שטאַרב־סצענעס און שטאַרב־

סיטואַציעס. מענטשן שטאַרבן געוויינלעך אויף אַ שאַבלאָנעם וועג. דערהויפּט אויף דער בינע טוט מען עס אויף דעם שאַבלאָנסטן אופן. מען גיט אַ פאַל אויפן דיל — און פאַרטיק... בן עמי פאַלט נישט, נאָר ער קייקלט זיך אַוועק. ער שטאַרבט, אַזוי צו זאָגן, ווי אַ קנויל פּאַפּיר וואָלט „געשטאָרבן"...

דאָס איז וווּנדערלעך. אַזאַ אויפפאַסונג פון אַ טויט-סצענע איז אַ נייע...

# דזשעני וואָליער אַלס מירעלע.

(מירעלע אפרת, ניי אויפגעפירט פון מאָריס שווארץ, אין צוירווינג פלייס טעאטער).

מאָריס שוואַרץ האָט זיך אונטערגענומען, חוץ אויפצופירן ליטע־ראַרישע זאַכן און חוץ צו האָבן דערפאָלג — אויך צו באַווייזן צוויי וואונדערלעכע קונציקע קונצן.

קונץ נומער איינס: ווי אַזוי אַ ייד שפּילט אַ גוי — מר. ווייזענ־פריינט אין „שווער צו זיין אַ ייד", פון שלום־עליכם, און קונץ נומער צוויי: ווי אַזוי אַ גויע שפּילט אַ יידענע: מאַדאַם וואליער אַלס מירעלע אפרת.

דער ערשטער קונץ איז אים געלונגען. דער צווייטער — אויך.

אין „שווער צו זיין אַ ייד" האָט ווייזענפריינט באַוויזן, ווי נישט גרינג עס איז פאַר אַ יידן צו זיין אַ גוי... און אין „מירעלע אפרת", האָט וואליער באַוויזן, ווי אַזוי עס איז גרינג צו זיין אַ יידענע.

עס איז, אפנים, זייער און זייער לייכט פאַר אַ גויע צו זיין אַ יידענע: מען טוט אָן אַ טשעפּיק, מען קרעכצט אונטער אַ קאַ־פּיטשקע — און מען איז שוין אַ פאַרטיקע יידענע.

און דאָ קענען מיר קומען צו דער שמד־ און גרים־פּראַגע, אַן עכט־פּראָבלעמאַטישע פּראַגע, געגנוג גרויס פאַר אַ סעריע פון צוואנציק וואָכן פאַר דר. חיים זשיטלאָווסקי.

מען קאָן באַווייזן, אַז מיר, מאַנסביל, קאָנען זיך נישט שמדן. אָבער גרים קאָנען מיר יאָ צונעמען, דערהויפּט פרויען. און אויך, אַז די אַראַבישע פּראַגע אין ארץ ישראל קאָנען מיר לעזן גאַנץ

לייכט. אויב שוואַרץ האָט געקענט מאַכן פון דער גויע וואַליער — אַ מירעלע אפרת, קאָנען מיר מאַכן פון טויזנטער אַראַבישע טעכטער כאַשקעס, לאהס, באַשקעס און מרימס...

יאָ, מיר געפעלט וואַליער אַלס „מירעלע". אמת, זי איז אַנ־דערש, ווי מאַדאַם ליפּצינס מירעלע איז געווען, אָבער זי איז גוט.

מאַדאַם ליפּצין האָט געמאַכט פון מירעלען אַ שטאָלצע יידישע קרעמערקע, נישט מער. וואַליער האָט פון איר געמאַכט אַ שטאָלצע מוטער.

וואַליער האָט מירעלען כמעט אַרויסגענומען פון איר גראָדנער סביבה, זי פאַרשענערט, פאַרהערלעכט, פאַרמענטשלעכט, געמאַכט פון איר אַ טיפּישע וועלט־פרוי, אַזוי צו זאָגן — און לויט מיין מיינונג האָט זי נישט פיל פאַרלאָרן. און אפשר האָט זי נאָך געוואונען, אַ סך געוואונען. זי איז אויסגעוואַקסן, וואַליערס מירעלע, און שיין אויסגעוואַקסן.

בכלל, ווען מען פרעגט מיך ווי צו שפּילן טעאַטער, וואָלט איך געזאָגט: אַז גוים טאָרן נישט שפּילן עכט יידישע זאַכן, קיינע סביבה־זאַכן. סביבה קאָן מען נישט איבערגעבן אפילו מיטן גרעסטן טאַלאַנט. אום איבערצוגעבן אַ סביבה, דאַרף מען האָבן די סביבה אין דער נשמה — אָבער פאַר וואַליער אין „מירעלע אפרת" וואָלט איך געמאַכט אַן אויסנאַם. פאַרוואָס? ווייל יעקב גאָרדין אַליין האָט אין „מירעלע" קיין סביבה נישט. יעקב גאָרדין האָט אַליין נישט געקענט דאָס יידישע לעבן. יעקב גאָרדין האָט אַליין געלעבט מיט גוף און נשמה אין אַן אַנדער סביבה — און דערום זענען זיינע העלדן מער אַלמענטשלעכע... דאָס איז זייער גאָרדיניסטישער חסרון, און דערפאַר אַ מעלה פאַר וואַליער...

און וויבאַלד אַזוי, איז וואַליער צוגעפּאַסט צו איר „מירעלען" מער, ווי מאַדאַם ליפּצין איז געווען. ווייל יעקב גאָרדינס ביכער־פילאָזאָפיע איז געווען צו קלוג אין דעם מויל פון מאַדאַם ליפּצין, די יידישע מירעלע. אָבער דערפאַר קלינגט עס נאַטירלעך אין דעם מויל פון מאַדאַם וואַליער די מענטשלעכע מירעלע...

און ווי איז וואַליערס יידיש? — פיין. פיל בעסער, ווי דער יידיש פון פיל פון אונזערע יידישע אַקטריסעס. וואַליערס וויינען? — וואַליער וויינט מיט אַ מאָס און שיין. איך לייג זייער פיל געוויכט אויף וויינען. ביי אונז, אין יידישן טעאַטער, איז דאָס וויינען דאָס

שוידערלעכסטע. מען וויינט ביי אונז נישט אַנדערש, ווי היסטעריש, מען רעוועט ביי אונז, אנשטאט וויינען. וואליער וויינט, ווי אַ פרוי, ווי אַ מוטער. ווי אַ ציוויליזירטער מענטש...

און נאָך אַ זאַך מוז מען צושרייבן צו וואליערס קרעדיט: אין ערשטן אַקט ווייס דער עולם, אַז דאָס שפּילט אַ גויע „מירעלען”, און מען קוקט אויף דעם, ווי אויף אַ קוריאָזיטעט... שפּעטער אַ ביסעלע, דערהויפּט צום סוף פון דריטן אַקט, פאַרגעסט זיך דער עולם, אַז דאָס שפּילט אַ גויע, וואליער ווערט אַן אייגענע, אַ היימישע, אַ אונזעריקע... דער כוח פון טעאַטער.

# „שווער צו זיין אַ ייד".

(קאָמעדיע אין 3 אַקטן, מיט אַ פּראָלאָג, פון שלום-עליכם. אין אירווינג פּלייס טעאַטער).

אויף „שווער צו זיין אַ ייד" איז שווער צו זאָגן, וואָס דאָס איז: קאָמעדיע, צי טראַגעדיע? גיכער איז דאָס שלום-עליכמס אַ קאָמעדיע. און דאָס איז שוין גענוג געזאָגט, ווייל שלום-עליכמס בעסערער הומאָר איז עפטער מער טראַגיש, ווי קאָמיש... און דאָך לאַכט מען... דאָס איז דער כוח פון שלום-עליכם.

„שווער צו זיין אַ ייד" איז אַ שטיק מיט אַ מוסר השכל. עס איז פּראָפּאַגאַנדע. עס וואָלט ווי גערופן צו דער וועלט: „גוים, קומט צו אונז און זעט, ווי שווער ס'איז אונז צו זיין יידן!"

דער אינהאַלט פון דער קאָמעדיע: דער גוישער סטודענט איוואַן איוואַנאָוויטש איוואַנאָוו, אַ דרייגאָרנדיקער איוואַן, אַן אמתער גוי פון גוים-לאַנד, האָט אין דער צייט פון אַ סטודענטישער הוליאַנקע, לכבוד ענדיקן די גימנאַזיע, אין אַ מאָמענט פון בגלופינדיקייט, געמאַכט אַ פאָרשלאג זיין חבר הירשקע שניאורסאָן, אַז זיי זאָלן זיך אויף אַ יאָר צייט בייטן מיט זייערע דאָקומענטן, פּאַספּאָרטן און אַטעסטאַטן און ער, דער דרייגאָרנדיקער איוואַן, זאָל ווערן דער ייד הירשקע, און דער ייד הירשקע, זאָל ווערן דער גוי איוואַן.

דער ייד הירשקע וויל עס נישט, אָבער ענדלעך שטימט ער צו, און זיי בייטן זיך. און הירשקע גיט אים אַפילו זיין גאָלדענעם מעדאַל, וועלכן ער האָט געקרוגן ביים ענדיקן די גימנאַזיע.

דאָס איז דער פּראָלאָג.

אין ערשטן אַקט זעען מיר, ווי דער גוי קומט דינגען אַ דירה, אין דער אוניווערזיטעט-שטאָט, ביי דוד שאַפּירא, אַ ייד אַ יחסן, אַ

מעקלער, וואָס רעדט נאָר פון יחוס: איך בין דאָך עפּעס פון די שאַפּיראָס, פון די אמתע שאַפּיראָס... פון די סלאַוואוטער. אָדער: ער איז דאָך עפּעס פון די שניאורסאנס, פון די אמתע שניאורסאנס, פון די ליבאוויטשער... און דאָ הייבן זיך אָן דעם פאַרשטעלטן גויס צרות: ערשטנס, דער לשון; ער פאַרשטייט נישט קיין יידיש... צווייטנס, אַ סדרה, „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״, פּאָווערקעס, אוטשאַסטאָק, פּראָצענטן. און צו אַלעם דעם נעמט מען אים נישט אַריין אין אוניווערזיטעט, כאָטש ער האָט הירשקעס גאָלדענעם מעדאַל, בעת זיין חבר, דער גוי איוואַנאָוו, דער געוועזענער הירשקע קומט אַריין אין אוניווערזיטעט איינס און צוויי!...

אייגנטלעך האָט דאָ שלום-עליכם געהאַט מאַטעריאַל פאַר איין אַקט... אָבער מען דאַרף דאָך, לכל הפחות, דריי אַקטן, האָט שלום-עליכם דאָ צוגעטשעפּעט אַ ליבע. ביידע סטודענטן, אי דער ייד, אי דער גוי-ייד, פאַרליבן זיך אין דוד שאַפּיראָס טאָכטערל. און טאַקע ווידער „שווער צו זיין אַ ייד״, כאָטש דאָ איז שוין די שווערקייט נישט קיין פּאָליצייסקע... דאָס מיידל, בעטי, וויל נישט דעם ייד-גוי און זי וויל דווקא דעם גוי-ייד, כאָטש בכלל איז זי דוד שאַפּיראָס טאָכטער און זי איז אַ הייסע נאַציאָנאַליסטקע, וואָס איז נישט פיין פון איר. אָבער מיט אַ ליבע אַליין איז שלום-עליכמען אויך געווען שווער דורכצופירן זיין „שווער צו זיין אַ ייד״. ער האָט געפילט, אַז מיט ליבע קאָן מען נישט פאַרענדיקן, האָט ער צוגעשטוקעוועט אַן עלילת דם און, פאַרשטייט זיך, אום סאַמע פסח און צום סדר. און, געוויינלעך, קומט פּאָליציי דווקא זוכן ביי דוד שאַפּיראָן אין הויז און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זוכט מען דעם ייד-גוי, שניאורסאָן... און די „שווערקייט״ קומט צו איר העכסטן קלימאַקס. עס איז שוין אַ קאַפּיטשקע צו שווער אויסצוהאַלטן און דער ייד-גוי ראַטעוועט די סיטואַציע: ער איז זיך מודה פאַר דער פּאָליציי, אַז ער איז גאָר דער ייד שניאורסאָן און זיין חבר איז אַ גוי מלדה ומבטן, דער אמתער איוואַן... און דערמיט ענדיקט זיך די קאָמעדיע אַ ביסעלע צו טראַגיש, מיט אַ געוויין ביים סדר, ווען מען נעמט צו ביידע סטודענטן, אָבער ס'מאַכט נישט אויס. ס'איז דאָך נאָך אַלעמען שלום-עליכמס אַ געוויין, שלום-עליכמס אַ טראַגעדיע און ביי שלום-עליכמס אַ טראַגעדיע, ווי געזאָגט, לאַכט מען אויך...

דאָס איז דער אינהאַלט. איז אייגנטלעך דאָס אַ היבש ביסל

מעלאָדראַמאַטיש: די ליבע פון די צוויי סטודענטן, די פלוצלונגקייט פון דעם עלילת דם און אויך דאָס, וואָס מען זוכט דווקא שניאור-סאָנען...

אָבער אַזוי ווי דער פּראָפעסער איז שלום-עליכם און נישט זאָלאָטאַרעווסקי און נישט ראַקאָוו, איז דאָס מעלאָדראַמאַטישע נישט קענטיק. אַרום דער מעלאָדראַמע זענען דאָ לעבעדיקע מענטשן, סימ-פּאַטישע, רעאַליסטישע. און די מענטשן לעבן און באַוועגן זיך אין אַ סביבה, און איבער דער קאָמעדיע שוועבט דער גייסט פון אַ קינסטלער, און די קאָמעדיע איז אויפגעבויט מיט אַן אידעע, אַ מוסר השכל, אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער גויִישער וועלט — און ס'איז אַגיל ואשמח, שלום-עליכמדיק.

און דערהויפּט ראַטעוועט די קאָמעדיע דער ייִד, דוד שאַפּיראָ. דער שאַפּיראָ איז שלום-עליכמען זייער געלונגען. עס איז אַ פיינער, שטאָלצער, קלוגער און דערפאַרענער ייִד, פון שלום-עליכמס ייִדן: פון די טביהס, יוזעפלס, דעם רבס און אַנדערע. די טאָכטער בעטי איז אַרויס ביי שלום-עליכמען שלאַפּלעך, אויבנאויפיק, נישט דער-באַקן און דערמאָקן. אַ ליטעראַרישער „פּאָדראָסטאָק", אַזוי צו זאָגן.

די מוטער, שרה שאַפּיראָ, איז פיל בעסער, אָבער נישט קיין סך. און אַפילוביידע סטודענטן, אייגנטלעך די הויפּט-העלדן פון דער קאָמעדיע, זענען נישט איבעריק געלונגען. אָבער שאַפּיראָ איז גוט. און דערדאָזיקער שאַפּיראָ ראַטעוועט דאָס שפּיל. און ווען דוד שאַפּיראָ ענדיקט אין סוף דריטן אַקט מיט די ווערטער: „נישקשה, מען וועט אים באַפרייען!" און הייסט זיין קליינעם סיאָמקען פרעגן די קשיות, קריגט די קאָמעדיע איר תּיקון, וואַקסט די קאָ-מעדיע אויס, און מען פאַרגעסט אָן די אומנאַטירלעכקייטן און אַנדערע פּגימות.

אין דוד שאַפּיראָס ווערטער: „נישקשה, מען וועט אים באַ-פרייען!" קלינגט די גרויסע ייִדישע אמונה אין לעבן, וועלכע מען קאָן נישט ברעכן דורך רדיפות, פּראַוואָזשיטעלסטוואָ און בלבולים. ער איז דורכגעלייטערט און דערפאַרן, דערדאָזיקער שאַפּיראָ, און ער גלויבט אין דעם כּוח פון ייִדן, און דאָ ווערט ער שוין דער סימבאָל פון גאַנצן ייִדישן פאָלק.

און אַזוי ווי שאַפּיראָ איז געלונגען שלום-עליכמען, אַזוי איז ער אויך געלונגען שוואַרצן. אים אפשר נאָכמער, ווי שלום-עליכמען.

שוואַרץ מאַכט פון שאַפּיראָן אַ פ ע ר ז ע נ ל ע כ ק י י ט. די אָנגעזעענסטע און ליבלעכסטע פּערזענלעכקייט, אַזוי, אַז זי פּאַרטונקלט די איבע־ריקע. יעדער קער פון שאַפּיראָ-שוואַרץ איז פיין, קינסטלעריש, יעדער קנייטשעלע און חנדעלע איז געראָטן יידישלעך, צום רומל און מיט מאָס. שוואַרץ האָט אין „שווער צו זיין אַ ייד" געוויזן ווי שווער ער אַרבעט און לייטערט זיינע כּוחות.

און דאָס פירט מיך אַרויף אויף אַ געדאַנק, אַז אונזערע שריפט־שטעלער געלינגען אַממערסטנס ז י י ד ע ס, ב אָ ב ע ס, ט אַ ט ע ס און מ אַ מ ע ס. יונגע מענטשן געלינגען זיי אַ סך ווייניקער, אָדער כּמעט גאָרנישט. שלום-עליכמען, למשל, זענען אַמבעסטן געלונגען עלטערע מענטשן. און דאָסזעלבע איז אויך מיט אונזערע שוישפּילער, מיט די בעסטע, מיין איך. אויך זיי געלינגען אַמבעסטן יידן פון עלטערן דור: בעמען זיי אַ טאַטן — איז פיין. אַ מאַמען אויך. אָבער אַ יונגער מאַן קומט ביי זיי אַרויס פיל שוואַכער. זיי לייגן יונגע מענטשן אין דער ערד אַריין... און אפשר איז דאָס נאַטירלעך אויך: טאַטע-מאַמע קאָנען זיי — אָבער ז י ך נישט.

אויסער שוואַרצן, צייכנט זיך אויס אין דער קאָמעדיע מוני ווייזענפריינט אַלס דער ייד הירשקע. ער שפּילט מיט טאַלאַנט, פיין, בעט, מיט כאַראַקטער, און ער דערהייבט זיין ראָלע.

ווייזענפריינט האָט טאַקע מיט זיין ראָלע באַוויזן, אַז עס איז שווער צו זיין אַ ייד, און דערהויפּט אַ ייד און אַ גוי, און דערצו נאָך אַ רוסישן גוי-סטודענט, וואָס הייסט איוואַן איוואַנאַוויטש איוואַנאָוו.

בכלל איז ביי „שווער צו זיין אַ ייד" דווקא זייער גרינג אויסצוזיצן אַן אָוונט, און דאָס אַליין איז אַ זעלטנהייט אויף אונזערע טעאַטער-בענקלעך...

# „פורמאַן הענשל“.

(דראַמע אין פינף אַקטן פון ג. הויפּטמאַן, רעזשי: לעאָניד סניעגאָוו, אין יידישן קונסט־טעאַטער).

צי איז „פּורמאַן הענשל“ הויפּטמאַנס אַ גרויס ווערק, אָדער אַ קלענערס? — דאָס ווייס איך נישט. מען קאָן האָבן ספקות וועגן דעם. אָבער אַז באַראַטאָוו איז אַ גרויסער שוישפּילער — אין דעם איז פאַר מיר נישטאָ קיין ספק.

אין „אייביקן ליגן“ האָב איך אים געזען, אָבער נישט ד ע ר פ י ל ט. דאָ, אין „פּורמאַן הענשל“ — האָב איך אים דערפילט.

אַלס קאָלאָנעל אין „אייביקן ליגן“ איז באַראַטאָוו — גוט, אָבער אַנטציקט ווערן איז נישטאָ וואָס. זיין „פּורמאַן הענשל“ אָבער האָט מיך אַנטציקט.

באַראַטאָוו האָט געשאַפן אַ וואונדערבאַרן „פּורמאַן הענשל“, טאַקע אַ דייטשן פורמאַן און נישט קיין יידישן בעל־עגלה, און ווי לייכט מען קען דאָ אַריינפּאַקן פון פורמאַן אין בעל־עגלה. זיין הענשל איז אַ דייטש, און כאָטש אַ מענטש פון אַ לאָקאַלער סביבה, דאָך אַזוי אַלמענטשלעך ברייט און באַקאַנט.

בן צבי באַראַטאָוו האָט גענומען אַ דייטש, אַ פּראָווינציעלן דייטש און פון אים, חוץ דייטש, אויך געשאַפן אַ פיגור. אַ טראַגישע פיגור פון אַ גרויסן פאַרנעם.

טראַגיש גרויס איז הענשל צוליב דעם, וואָס ער ליידט, און ווי יעדער מענטש, וואָס ליידט גרויס און אויפריכטיק— פ אַ ר ש ט ע נ ד ל ע ך.

ווייל ביי גרויסע ליידן איז נישט שייך צו זאָגן פּלאַץ, סביבה, לאָקאַליטעט, גרויס, קליין — ס׳איז א ו מ ע ט ו ם ג ר ו י ס.

* * *

בן צבי באַראַטאָוו איז אַ גרויסער געווינס פאַר דעם יידישן טעאַטער, וואו עס פעלן טראַגיקער. 99 1/2 פראָצענט פון אונזערע אַקטיאָרן זענען פעיִק און טאַלאַנטירט, אָבער זיי זענען אַלע אָדער קאָמיקער, אָדער האַלב-קאָמיקער, אָדער נאָך גיכער, צווישן קאָמיקער און טראַגיקער. זיי קענען אַלץ שפּילן לייכט, גרינג (אָן פראָבע אַפילו), אָבער ווען עס קומט צו אַ טיפער זאַך, וואו מען דאַרף ווערן טראַגיש — ווערן זיי מערסטנס לעכערלעך...

מיט דעם טויט פון דוד קעסלער זענען מיר געבליבן אָן דעם אמתן יידישן טראַגיקער (חוץ רודאָלף שילדקרויט, וועלכער איז בלויז טיילווייז אונזערער). באַראַטאָוו איז געקומען אויסצופילן דעם פּלאַץ פון דעם פעלנדיקן גרויסן טראַגיקער.

און ער פאַרמאָגט אַלץ, וואָס אַ טראַגיקער דאַרף פאַרמאָגן: די ברומענדיקע הויכע טענער און דעם „ממעמקים", דעם „דע פראָפונדוס"-טאָן, וועלכן אַ טראַגיקער מוז באַזיצן, די שטאַרקע פיגור, די אינטעליגענץ א. אז. וו.

* *

„פורמאַן הענשל" האָט מען געקאָנט זייער לייכט „יידישן": הענשל—כמעט אַ יידישער נאָמען; אנשטאט פורמאַן — בעל עגלה. הענשל קען ווערן כמעט אַ ייד. ווייל אויפן בית-עולם, אויף דעם ווייבס קבר, גייט ער, און פאַר אַ וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן דער ווייב פאַרן טויט, ערגערט ער זיך, און דערצו ווען מען גיט נאָך אַן אַנדער סביבה, וואָלט עס געוואָרן אַן עכט יידישע פּיעסע, און זי וואָלט געקאָנט גיין.

צו וואָס זאָג איך עס? ווייל ווי איך האָב צוגעהערט, וואָס דער עולם רעדט, איז נאָך אונזער עולם נישט דערוואַקסן צו זען

פרעמדע סביבה-זאַכן, פּיעסן פון פרעמדן פאַמיליעלעבן רעאַליסטיש געצייכנט.

ער נעמט עס, ליידער, אויף שלעכט.

סימבאָלן — פאַרשטייט מען שוין ביי אונז. אָבער רעאַליסטישע סביבה-העלדן — נאָך נישט.

אַנדרייעוס „7 געהאָנגענע" — יאָ; „פורמאַן הענשל" נאָך נישט.

די „7 געהאָנגענע" פאַרשטייט אַ ייד, ווייל דאָרט פאַרשווינדט דער גוי, און עס בלייבט בלויז מענטש, אָבער אין „פורמאַן הענשל" זעט אַ יידישער צושויער בלויז דעם דייטש. און אַז אַ דייטשוק, אַ גוי, מוטשעט זיך, איז וואָס גייט עס אונז אַזוי אָן?

ער איז דאָך נישט מער, ווי אַ גוי...

איך גלויב, אַז רעאַליסטישע סביבה-זאַכן מוז מען נאָך ביי אונז דערווייל שפּילן א ײ ג ע נ ע, היימישע. זיי באַנעמט אַ יידישער טעאַטער-גייער...

צו פאַרשטיין פרעמדע סביבה-העלדן דאַרף מען נאָך אַ ביסל ביי אונז אונטערוואקסן...

רעזומע: „פורמאַן הענשל" איז איינע פון די בעסערע זאַכן, וועלכע איך האָב געזען פון אונזערע איבערזעצטע פּיעסן. זי האָט סטיל, כאַראַקטער. די שענק-סצענע, דער 4-טער אַקט, שמעקט אַפילו מיט ביר. עכט דייטשיש...

## „דער אוצר״ פון דוד פּינסקי.

אַלץ אינם „אוצר״ איז אויף זיין פּלאַץ, אויסגעהאַלטן, וויכטיק.

די אומגעבונג איז די פּאַסנדסטע. טאַקע נאָר אויף אַ בית-עולם דאַרף עס פּאָרקומען.

דאָ באַגראָבט מענטשן און דאָ זוכט מען גליקן. די לעגענדע פון אוצר, לעבנס-גליקן זייט ביי זייט מיטן טויט...

און פיין איז אויך, וואָס דאָס אוצר-זוכעניש דרייט זיך אַרום אַ באַגראָבטן הינטל.

דאָס איז ווידער אַ סימבאָלישער וואונק, אַז געלט איז אַ הינטישער ענין, מאַכט מענטשן הינטיש; מענטשן בילן, ווי הינט, „סלוזשען״, ווי הינט, בייסן זיך, ווי הינט — פאַר געלט.

כאַראַקטעריסטיש, גוט געצייכנט און וויכטיק זענען אַלע מענטשן פון „אוצר״, אַלע זוכער פון קליין ביז גרויס, פון אַלט ביז יונג.

אָבער בעסער פון אַלעמען און וויכטיקער זענען „טיליע״ און „יודקע״.

טיליע, דעם קברנס טאָכטער, זוכט אויך דעם אוצר, אָבער זי זוכט אים נישט, ווי אַלע.

טיליע איז געלטגייציק — אָבער איר געלטגייציקייט איז פון פיינערן זין, ווי די פון די איבעריקע.

ס׳איז נישט קיין געלטגייץ — נאָר גיכער אַ לעבנסגייץ.

אַליין אַ שטיק לעבן, רייסט זי זיך צום לעבן, און זי וויל געלט צוליב לעבן. זי וויל שימערירן, זיך אָנזען, ווערן וויכטיק, זיין כאָטש איין טאָג אַ מיליאָנערשע... סאַמע שפּיל...

אָבער נאָך וויכטיקער פאַר איר איז יודקע.

אין יודקען ליגט דער שליסל צו דעם אוצר.

דער אוצר אָן יודקען וואָלט געווען בלויז אַ קאָמעדיע, אַן אינטערעסאַנטע סביבה־פּיעסע — אָבער נישט מער.

ערשט יודקע האָט דעם „אוצר" אויפגעהייבן ביז אַ וועלט־פּראָבלעם.

משוגעת פירט די וועלט — דאָס באַווייזט דוד פּינסקי דורך יודקען.

יודקע ווערט דער סימבאָל פון דער גאַנצער וועלט־משוגעת.

די סצענע אויפן בית־עולם, וואו יודקע ווערט דער פירער, טאָנגעבער און באַפעלער — האָט צו זיך נישט קיין גלייכן.

און גאָר פון גרויסער באַדייטונג איז דאָס לאַכן אינעם אוצר.

טיליעס געלעכטער איז גרויס: דאָס איז דאָס געלעכטער פונם לעבן, זאָל זיין כאָטש אויף אַ ווײַלע, זאָל זיין כאָטש דורך נאַרעריי, איבער דער אָרעמקייט און הילפלאָזיקייט.

נאָך גרעסער און באַדייטנדיקער איז יודקעס לאַכן... ער לאַכט פון אָנפאַנג אָן, אָבער ערשט צום סוף פון דער קאָמעדיע דער־גרייכט ער צו דער גרויסקייט פון אַ מעפיסטאָפּילישן לאַכן און אויסלאַכן.

פון אָנפאַנג לאַכט ער, אַזוי צו זאָגן, פּריוואַט, פאַר זיך, אַלס עפּילעפּטיקער און צעמישטער, אָבער אין פערטן אקט ווערט זיין לאַכן פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער סאַטירע אויף דער מענטשהייט, וואָס זוכט אוצרות, יאָגט זיך נאָך פאַלשע גליקן, בלאָנדזשעט אַ מידע צווישן קברים און קען גאָרנישט געפינען...

דאָס איז אַ טיטאַניש געלעכטער; עס איז דאָס לאַכן פון אַ נאַר איבער דעם גרעסטן נאַר: די וועלט.

פון אָנפאַנג איז יודקעס לאַכן טעמפּ, אידיאָטיש, אָבער נאָכ־דעם הייבט זיך אָן דאַכטן, אַז ער לאַכט שוין באַוואוסטזיניק, אַפילו קלוג, אַז ער פאַרשטייט זיין ראָלע אַלס פירער און וועגווייזער... און נוצט זי אויס...

יודקעס געלעכטער איז דאָס גרויסע משוגענע געלעכטער, וואָס טראָגט זיך איבער אונזערע אַלעמענס קעפּ פון זינט די וועלט איז וועלט, און פון זינט מיר אַלע זוכן גליקן און אוצרות און פאַרבלענ־דעניש... עס איז אַ לאַכן אויף אַ בית־עולם, צווישן קברים, אין דער מיט פון דער נאַכט. אַ וואונדערלעך־גרויס געלעכטער...

און בכלל ליגט די גרויסקייט פונם אוצר אין פערטן אַקט.

ערשט די סצענע אויפן בית־עולם גיט די דראמע א שטעל אוועק אויף א וועלט־הויכקייט.

ביזן פערטן אקט איז עס א סביבה־זאך, א קאמעדיע פון א יידיש שטעטל — נאכדעם ווערט עס א וועלט־קאמעדיע.

ביזן פערטן אקט איז דער „אוצר" איינגעראמט אין א ראם פון קליינע מענטשלעכע און קהלשע רעאליסטישע אינטערעסן, אבער נאכדעם ווערט ער מיסטיש, שפרינגט ארויס פון ראם און ווערט וועלט־גרויס. עס זענען שוין מער נישטא קיין יידן, נאר טונקעלע געשטאלטן, מיט בלאנדזשענדיקע פייערלעך, וואס בלאנדזשען אינדער־פינסטער און זוכן דעם אוצר...

דאס בלאנדזשעט נישט אן עדה יידן, א געמיינדע, נאר די גאנצע וועלט. און די בלאנדזשענדיקע פייערלעך זענען נישט לאמ־טערנעס, נאר די גרויסע וועלט־נארעריי און פארבלענדעניש אין אנ־געזיכט פונם טויט...

# „מ י ע ש ט ש אַ נ י ע."

(מיטלקלאַס-מענטשן, דראַמע אין 4 אַקטן, פון מאַקסים גאָרקי, איבערזעצט פון מאַרק שווייד אין אָירוויננג פּלייס טעאַטער).

מאַקסים גאָרקי איז דער חכם פון דער רוסישער ליטעראַטור. ער איז אפשר דער קליגסטער שריפטשטעלער, וואָס רוסלאַנד פאַרמאָגט. ער האָט די לעבנס-ווייזהייט פון אַ רוסישן אַרומשלעפּער און פון אַ פרידריך ניצשע.

מאַקסים גאָרקי וואָלט אַפילו געווען אַ חכם אויך ביי אונז, אַ שריפטשטעלער-פאָלק פון „כולנו חכמים".

איך האָב ליב צו לעזן דעם קלוגן גאָרקי, און נאָכמער האָב איך ליב צו זען זיין קלוגשאַפט אויפגעפירט אויף דער בינע.

„מיעשטשאַניע" איז איינע פון גאָרקיס קלוגע ווערק. זי איז אָנגעפּיקעוועט מיט חכמה, פול מיט לעבנס-ווייזהייטן. עס איז אַן אַלט ווערק גאָרקיס און דאָך איז עס שטענדיק ניי.

קלוגשאַפט איז פון די אייביק-נייע אינסטיטוציעס..

און דערצו זענען ביי גאָרקין, אויסער קלוגשאַפטן און אידעען, אויך דאָ לעבעדיקע מענטשן. און לעבעדיקע מענטשן זענען שטענדיק ניי, פריש און אינטערעסאַנט. לעבעדיקע מענטשן ווערן קיינמאָל נישט אַלט (אַלנפאַלס נישט אין ביכער).

גאָרקיס „מיעשטשאַניע" איז אַ גרויס ווערק. גרויס נישט נאָר מיט דעם וואָס זי פאַרנעמט אַ היבש ביסל שטונדן צו שפּילן, נאָר גרויס אויך אין גייסט.

גאָרקי באַווייזט אין זיין „מיעשטשאַניע" צוויי זאַכן: ערשטנס, אַ בילד פון רוסלאַנד, ווי זי האָט אויסגעזען פאַר דער רעוואָלוציע:

פון איין זייט די קליינבירגער (אָדער ווי מאַרק שווייד וויל האָבן — דער מיטלקלאַס-מענטש), דער וואוילהאָבנדיקער, צעפרידענער, געזונטער מענטש און פאַמיליען-פּאָטער; פון דער צווייטער זייט — זיינע קינדער, די אומצופרידענע, צעקראָכענע, גאָרנישט-טויגנדיקע, קרעכצנדיקע האַלבע מענטשן... פון דער דריטער זייט—שיכורים, מענטשן, וואָס האָבן שוין אָריבערגעקוקט איבער זיך, פילאָזאָפן, וואָס לעבן מיט דער פילאָזאָפיע פון עס און טרינק, ווייל מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן. מענטשן, וואָס זיי איז גאָרנישט געבליבן, אויסער דער טרונק, מענטשן, אין גרונט, גוטע. דאָס זענען טעטעריעוו, דער זינגער און פערטשיקין, דער פייגל-הענדלער. דער ערשטער, אַ בוך-פילאָזאָף, דער צווייטער— אַ פייגל-פילאָזאָף. און נאָך זיי קומט נאָך אַ קלאַס, דער יונגער, מען קאָן זאָגן, צוקונפט-דור, וועלכער איז סימבאָליזירט דורך נעל דעם מאַשיניסט און פּאָליע, זיין געליבטע, און טיילווייז אויך דורך דער יונגער אַלמנה, יעלענע ניקאָלאַיעוונע.

אָט האָט איר גאַנץ רוסלאַנד, מיט איר בירגערלעכער געזונט-קייט, בירגערלעכער צעקראָכנקייט און סטיכיש-צוקונפט-רעוואָלוציאָניזם...

די צווייטע זאַך באַווייזט גאָרקי מיט „מיעשטשאַניע" אַ בילד פון דער גאַנצער וועלט, מיט אירע מיעשטשאַניעס, קליינבירגער און פיליסטער, און מיט דעם אייביקן קאַמף, וואָס דאָס לעבן פירט מיט זיי.

און כאָטש אָפּט דאַכט זיך, אַז דאָס קליינבירגערטום איז שוין באַזיגט, דאָס יונגע, נייע לעבן האָט אים מנצח געווען און ער איז שוין פאַנאַנדערגעפאַלן, אָבער ווי זאָגט טעטעריעוו צום אַלטן בעז-סעמיענאָוו, נאָכדעם ווי זיין זון, פּיאָטר, פאַרלאָזט אים און גייט אַוועק מיט דער אַלמנה: „האָב קיין מורא נישט, אַלטער" — זאָגט טעטעריעוו,—„ער וועט קומען, ער וועט צוריקקומען און ער וועט זיין דערזעלבער, ווי דו, דערזעלבער קליינבירגער, ער וועט בלויז אַ ביסל איבערבויען דאָס הויז, איבערשטעלן די מעבל, אָבער אַ מיעשטשאַנין וועט ער בלייבן און זיינע קינדער וועלן קעמפן מיט אים, פּונקט ווי דיינע מיט דיר..."

ווייל אייביק איז מיעשטשאַנסטווע און אייביק איז דער קאַמף מיט אים...

מיט איין וואָרט: „מיעשטשאַניע" איז אַ רוסישע פּיעסע—און דאָך אַן אַלוועלטלעכע, אַ רוסישע—און דאָך אפשר פּונקט אַזוי אַ יידישע. בעזסעמיענאָוו איז נישט בלויז אַ גוי, נאָר, אויב איר ווילט,

איז ער אויך אַ ייד. ווייל דער פּיליסטער און קליינבירגער איז דער-זעלבער אומעטום ביי אַלע פעלקער, און דערום קאָנען דאָס אַלע זען, אַפילו די, וואָס זענען אין רוסלאַנד קיינמאָל נישט געווען. עס איז אַ דראַמע, וואָס ברענגט אַרויף אויף פיינע, טיפע געדאַנקען, אַ דראַמע, וואָס קאָן מאַכן צו דענקען אַפילו אַן איסט-בראָדוויייער קליינבירגערלעכן דאָקטאָר... עס איז אַ דראַמע, וואָס וועקט אַפילו דעם כראָפּענדיקסטן טעאַטער-גייער.

און דערצו ווערט גאָרקיס דראַמע גוט אויפגעפירט און געשפּילט. גאָרקי איז, אויסער קלוג, אויך גוט, און ער האָט געגעבן אַ מעג-לעכקייט אַלע שוישפּילער פון אירווינג פּלייס טעאַטער צו ווייזן, וואָס זיי קאָנען און אַפילו וואָס זיי קאָנען נישט...

די גרעסטע אַנטדעקונג איז פאַר מיר מאָריס שוואַרץ. איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל אַנטדעקט, צאָללאָז אַנטדעקט, אָבער איצט האָב איך אין אים ווידער אַנטדעקט דאָס נאָך נישט אַנדעקטע. שוואַרץ אַלס טעטעריעוו איז גרויס און גרויסאַרטיק. ערטערווייז האָט ער זיך אַזש דערהייבן ביז גאָרקיס שאַפונגס-טאַלאַנט. די עס-סצענע אין צווייטן אַקט איז אים געלונגען. דאָ איז ער געווען פולקומען... בכלל האָט אונזער עולם ליב צו זען אַן אַקטיאָר, וואָס עסט גוט, וואָס קייט מיט אַפּעטיט. „אָט דער מענטש צעאַרבעט עס אַ ביסל! — טראַכט זיך דער עולם. אָבער שוואַרץ האָט זיין עסן פאַרבונדן מיט נאָך עפּעס—מיט גרויס-שפּילן, מיט טיף-שפּילן... בכלל האָט ער געשפּילט טעטעריעוון מיט מאָס, ווייל טעטעריעוון קאָן מען אויך איבערשפּילן, ווייל טעטעריעוו איז דאָך אַ שטיקל מעפיסטאָפעל. און וואָס מאַכט מען נישט ביי אונז פון די מעפיסטאָפעלס?..

פיין און גוט איז י. דובינסקי אַלס דער פייגל-הענדלער. זיין גרים, זיין האַלטונג איז אַ דערקוויקונג.

גוט איז אויך מוני ווייזענפריינט אַלס דער פאָטער בעזסעמיענאָוו. ער האָט געשפּילט אַ פיינעם גויִשן טאַטן. און אויב אָפטמאָל האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס איז נישט קיין גויִשער טאַטע, נאָר אַ יידישער, אַ גאָרדיניסטישער טאַטע, איז אין דעם אויך נישט ווייזענפריינטס שולד. ערשטנס, איז מעגלעך, אַז אַלע טאַטעס זענען אין זייער טאַטע-ראָלן איינס און דאָסזעלבע: גוי, צי ייד, און, צווייטנס, זענען דאָך גאָרדינס יידישע טאַטעס אויך פאַרשטעלטע גויִם, גויִם אָנגעטאָן אין יידישע קאַפּאָטעס...

פון די פרויען האָט וואָליער, אַלס טאַטיאַנאַ, די לערערין, די צע־קראָכענע, קרעכצנדיקע טאָכטער פונם קליינבירגער, געשפּילט, ווי מען דאַרף שפּילן אַזאַ ראָלע. אַ ביסל דעקלאַמאַטאָריש, אָבער פיין. דער־הויפּט איז איר געלונגען איר „גרים”. דאָס רוסישע נעזל פון טאַטיאַנאַ איז אויסגעצייכנט.

בערטע גערסטין, אַלס די יונגע, שיינע, פריילעכע אלמנה, איז געווען אי יונג, אי שיין, אי פריילעך. אַזעלכע אלמנות האָט מען בכלל ליב אַפילו נישט נאָר אויף דער בינע. עס איז שוין איינמאָל אַן אלמנה, אַ חיות זי אָנצוקוקן!

## „ר ע װ י ז אָ ר".

(קאָמעדיע אין פינף אַקטן פון נ. װ. גאָגאָל אין ייִדישן „קונסט-טעאַטער").

געזען דעם „רעװיזאָר" און געלייענט די קריטיק פון די צװיי ק — (קאַראַלניק און קאַהאַן) און פון די צװיי לאַנגע נונען (אָלגין און גאָרין), און אַלע זענען זיי באַגייסטערט: מען לויבט די קאָמעדיע, מען לויבט דעם פּאַרפאַסער, מען לויבט דאָס שפּילן און די רעזשי. אויב מען טאַדלט, איז דאָס בלויז אַ קאַפּעטשקע די איבער-זעצונג (עמעצן מוז מען דאָך טאַדלען!). און נישט סתּם מען לויבט, נאָר מען רייסט זיך לויבנדיק. און איך? מיר, געפעלט אויך די קאָמעדיע (װי קען זי נישט געפעלן?). איך האַלט אויך, אַז מען שפּילט גוט דעם „רעװיזאָר" אין „קונסט-טעאַטער", און אַז די רעזשי פון דעם הער װיסקאָװסקי איז אַ טאַלאַנטפולע. אָבער דאָך קען איך נישט אַריינפּאַסן אין דר. קאַראַלניקס קעלבערנע „אָט-אַזוי"-התפּעלות און אויך נישט אין אַב. קאַהאַנס ציגענעם שפּרינג-קדוש פאַר אַלץ, װאָס איז רוסיש... איך גלויב, װי גאָגאָל אַליין דריקט זיך אויס: אַלעקסאַנדער פון מוקדון איז טאַקע געװען אַ גרויסער מענטש, אָבער צו װאָס ברעכן שטולן? גאָגאָל איז אַ גרויסער שריפטשטעלער, סאַטיריקער-דיכטער, א. אַז. װ., אָבער איבערכאַפּן די מאָס, װערן ה י ס ט ע ר י ש דאַרף מען נישט...

מאָדנע געדאַנקען קריכן מיר אין קאָפּ. אונזער אינטעליגענץ, מ'שטיינס געזאָגט, איז װי אַ סטאַדע שאָף: זי מעקעט אַלעמאָל מיט איין שטים, מיט איין „מע"... און אונזער טעאַטער-קריטיק איז װי אַ סטאַדע אינטעליגענץ: זי מעקעט אויך מיט איין מע-קריטיק...

מען אורטיילט ביי אונז אין כאָר. מען פאַראורטיילט אין כאָר. מען איז ביי אונז באַגייסטערט סטאַדעמעסיק און מען רייסט ביי אונז אַרונטער אין סטאַדע...

„אַנדערש"—איז „שלעכט". איז עס שלעכט ביי אַלעמען—ביי קאַהאַנען, ווי ביי דינגאַלן, ביי אַלגינען, ווי ביי קוסמאַנען; „רעוויזאָר" איז גוט — איז אויך ביי אַלעמען — איין כאָר פון לויב-געזאַנגען. איין גרויסער לויב-געזאַנג — „מע"...

אונזער טעאַטער-קריטיק פעלט אינדיווידואַליזם, אַן אייגענע מיינונג, אַ זעלבסטשטענדיק דענקען.

ביי אונז זענען שוין בכלל דאָ אָנגענומענע שאַבלאָנען בנוגע טעאַטער-שטיקער: שפּילט מען אַ רוסישע זאַך — מוז עס זיין גוט. אַלץ, וואָס איז רוסיש, איז גוט, גרויס, געניאַל: אַי, טשעכאָוו! אַי, גאָגאָל! און, פאַרקערט, אַלץ, וואָס מיר האָבן אַליין ביי אונז, איז שלעכט, שוואַך, נישט פאַרענדיקט און נישט דערוואַקסן... אָט אַזוי איז עס!..

מען דאַרף זיך באַפרייען פון דידאַזיקע אַלע שאַבלאָנען! מען מוז זיך שטעלן אויף די אייגענע פיס! איך גלויב אויך, אַז „רעוויזאָר" איז אַ פיינע קאָמעדיע, כאָטש אַ קאַפּעטשקע פאַרעלטערט, פּונקט ווי מאָליערס „דאָן-זשואַן" און „טאַרטיוף", אָבער אַ פיינע קאָמעדיע. מיר האָבן אָבער ביי אונז אין רעפּערטואַר אויך עטלעכע פיינע קאָמעדיעס, און דווקא מיט אַ יידישן אינהאַלט און מיט יידישן חן, און דווקא נייערע. למשל, איך האָב קיין מורא נישט צו זאָגן, אַז דוד פּינסקיס קאָמעדיע „דער אוצר" איז כמעט אַזוי גרויס, ווי גאָגאָלס „רעוויזאָר", כאָטש פּינסקי לעבט נאָך און איז אונזערער, און איז אַ ליטוואַק און נישט קיין אוקראַינער. און אויך שלום-עליכמס „שווער צו זיין אַ ייד" איז אַ קאָמעדיע פון גרויסן שניט. און אַפילו „לאַנדסלייט" פון בערקאָוויטש קען מען אויך נישט אַוועקמאַכן...

איך האָב נישט ליב די פּוסטע פראַזעאָלאָגיע פון אונזער טעאַטער-קריטיק, די פרעס-אַגענטורעריי אַרום זאַכן... און דאָסזעלבע איז אויך בנוגע דאָס שפּילן, דאָס אויפפירן. אמת, גאָגאָלס „רעוויזאָר" איז אויפגעפירט גוט, כמעט עכט, ווי ס'באַדאַרף צו זיין — אָבער אויך דאָס איז נישט קיין נייס. איך האָב שוין געזען גוטע אויפ

פירונגען אויך פריער אין שוואַרצס טעאַטער, כּון גאָרקי און טשע־כאָוו, למשל... און אפילו הירשביינס זאַכן...

אונזער טעאַטער־קריטיק דאַרף נישט ספּעציעל פאַרגעסן זאַכן, כּדי אַלעמאָל אָנהייבן פון בראשית.

קורץ: עס הערשט צופיל קני־בויגעניש און, אַנטשולדיקט, אַ היפּש ביסל לעקערייַ פאַר פרעמדס און צו פרעמדס ביי אונז. און דערפאַר צו ווייניק אכטונג פאַר אייגנס! און דערפאַר אַן אַרונטערקוקן פון אַ וואוד־וואָירט־בילדינג־הויך אויף אונזערע אייגענע.

מיר טאָרן זיך נישט באַנוגענען מיט דעם, וואָס די קאָראַלניקס באַנוגענען זיך!

פאַר דר. קאָראַלניק, דער, וואָס שפּילט דעם פרעמדן ביי אונז, פאַר אים, וואָס שרייבט „איר האָט טאַלאַנטן", אַנשטאָט—„מיר האָבן טאַלאַנטן", פאַר אים, וואָס טוט אַ פערזענלעכע טובה די יידישע טראָטוואַרן פון איסט־בראָדוויי, וואָס ער גייט זיך אויף זיי דורך אַ פאַר מאָל אין טאָג, — פאַר אים דאַרף עס זיין אַזוי, פאַר אים קאָן אַנדערש נישט זיין... פאַר אים איז גענוג דער פאַקט אַליין: אַז מען שפּילט פרעמדע זאַכן ביי אונז, אַז מיר זענען אַזוי אָרעם, אַז מיר מוזן אָנקומען צו אַזעלכע אַלטע זאַכן, ווי גאָגאָלס „רעוויזאָר". ער האָט ליב אונזער דערנידערונג, דער דר. קאָראַלניק. און דערפאַר פרעגלט ער זיך פון „רעוויזאָר" און בכלל פון איבערזעצונגען...

אָבער מיר, יידישע מענטשן, מוזן וויסן, אַז אויב יידיש טעאַטער וועט האָבן אַ קיום, איז דאָס דווקא נישט פון פרעמדס, אַפילו נישט פון די גאָגאָלס און גאָרקיס און טשעכאָווס, נאָר דווקא דורך אייגענע, יידישע זאַכן, און מעגן זיי זיין אַפילו אַ סך שוואַכער, ווי די פרעמדע.

און נאָך אַ געדאַנק ווילט זיך מיר פאַרצייכענען: אונזער טעאַטער־קריטיק, ווי אונזער אינטעליגענץ בכלל, האָט אַ קאַפּיטשקע צופיל ליבע פאַר וואָדעוויל, בורלעסק און לייכטן שטאָף... אונזער טעאַטער־קריטיק האָט פיינט פּראָבלעמען און פאַרטראַכטונגען. זי איז שוואַכזיניק און קאָן זיך בלויז אַמוזירן... מען קאָן אויסרעכענען, אַז וואָס שייך אַרונטעררייסן, האָט אונזער טעאַטער־קריטיק כּמעט אַלעמאָל אַרונ־טערגעריסן די דראַמע און, פאַרקערט, כּמעט שטענדיק געלויבט און גערימט די קאָמעדיע—און אַלעמאָל די פּלאַכערע.

אב. קאַהאַן זעט און זוכט בכלל אין יעדער קאָמעדיע בורלעסק. ביי אים איז „רעוויזאָר" פּונקט אַזאַ בורלעסק, ווי „קבצן, וואו קריכסטו ?"...

און דאָס איז אויך באַדויערנסווערט. אָבער מיין מיינונג וועגן און וויאַזוי מען האָט געשפּילט „רעוויזאָר" ? אַוודאַי ווערט „רעוויזאָר" גוט געשפּילט אין שוואַרצס „קונסט-טעאַטער" ! דערהויפּט דאַרף מען לויבן נישט דאָס איינציקע שפּילן, נאָר דאָס צוזאַמענשפּילן. די טרופּע אין „קונסט-טעאַטער" האָט זיך צוזאַמענגעשפּילט און דאָס איז אַ גרויסער אויפטו. אייניציקווייז: שפּילט סניעגאָוו דעם „גאָראָדניטשי" מיט אַ סך גוף, אַ סך רוסישער פּלייצע-ברייטקייט, און אויך ווייזענפּריינט שפּילט אַ גוי מיטן גוף. און ביידע זענען אויסגעצייכנט, ווייל די נשמה פון אַ גוי — און אַ קאַצאַפּ דערצו — קען מען אַמדייטלעכסטן זען דורך זיין גוף. דער היפּוך פון אַ יידישער נשמה, וועלכע מען זעט אַמשענסטן אין גופלאָזיקייט.

שוואַרץ שאַפט אַ כלעסטאַקאָוו לויט שוואַרץ. ער פּאַסט אים אויף לויט אַן אייגענעם נוסח — נוסח-שוואַרץ, און אַזויווי יעדער איינער קען נישט זאָגן אויף זיכער, אַז אַזוי און אַזוי דאַרף מען פֿאָרשטעלן כלעסטאַקאָוון — גיט שוואַרץ אַן אויסגעצייכנטע וואַריאַציע.

דאָס ליבע פּאָרל באָבטשינסקי און דאָבטשינסקי (שווייד-גאָלדשמיט) זענען ליב סיי אין גרים, סיי אין שטים. רובין, אַפּעל, גערמאַן, גערסטין, מייזעל און די איבעריקע זענען אויך גוט. בכלל זענען די גויִם אין „רעוויזאָר" די בעסטע געשפּילטע גויִם אויף דער יידישער בינע. געוויינלעך, ווען אַ גוי פּאַלט אַריין צו אַ יידישן אַקטיאָר אין די הענט, מאַכט מען אויף אים אַ י י ד י ש ן פּאָגראָם... אָבער דאָ האָבן אַלע אַקטיאָרן זיך באַגאַנגען גוט מיט די גויִם, ווער מער — ווער ווייניקער.

אָבער דערהויפּט געפעלט מיר אין „רעוויזאָר" דאָס שפּילן פון דער לעצטער סצענע: די ש ט ו מ ע. איך האָב זייער אַ קליינע צאָל יידישע אַקטיאָרן ליב הערן רעדן, אָבער דערפאַר האָב איך זיי אַלעמען ליב, ווען זיי ש ו ו י ג ן. אין די שטומע סצענעס פּאַרגעטער איך זיי ממש. דאָס אומגליק איז נאָר, וואָס אַזעלכע סצענעס זענען אין יידישן טעאַטער דאָ אַזוי ווייניק.

און דאָ, אין „רעוויזאָר", ווערן אַלע אַקטיאָרן מיטאַמאָל שטום, ווי דורך אַ כּישוף! וואונדערלעך, ליב און טייער! עס איז אַ חיוּת

אָנצוקוקן. דאָס אויג רוט זיך אָפּ, און דער עיקר—דאָס אויער... אזא אַלגעמיינע פאַרגליוערונג .זעט מען ווירקלעך ביי אונז נישט...

און מיין טרוים איז: וואָס מער אַזעלכע שטומע סצענעס! בלויז דורך דעם אליין קאָן אונזער בינע געאיידלט ווערן. וואָס ווייניקער רייד, מער מימיק, וואָס ווייניקער טומל און מער שווייגן... און איך זאָג, אַז ווען מען לערנט אויס אויך אונזער פובליקום צו שטומען אין טעאַטער, וואָלט אונזער טעאַטער געוואָרן ממש אַ גן-עדן.

# „אײפּערזוכט".

(דראַמע אין 4 אַקטן פון אַרציבאַשעוו, — אין „פּיפּלס טעאַטער").

כ'האָב לעצטע וואָך געזען צוויי, שוין אַמאָל געשפּילטע דראַמעס-מעלאָדראַמעס, איצט איבעראַנייס איבערגעשפּילט פון אונזערע בעסערע שוישפּילער.

די פּאַרפאַסער פון דידאַקטיקע דראַמעס, אַרציבאַשעוו און אַש, נעמען ביידע זייער שטאָף פון דער אונטערוועלט. אַש פון דער אונטערוועלט ממש, און אַרציבאַשעוו פון דער אונטערוועלט פון ליידנשאַפט. ביידע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט הייזלשטאָף, כאָטש „אַרצי", ווי אַ גוי, האָט געפּרעדיקט גיין אין הייזל, און שלום, ווי אַ ייד, האָט געדרשנט אַרויס פון הייזל...

סיי „אײפּערזוכט", סיי „מאָטקע גנב", שטייען נאָענט צו שונד און שונדקייט און דאָך זענען זיי אויך נישט ווייט פון ליטעראַטור, ווייל נאָך אַלע „סאַנין-מאָטקעס", זענען זיי דאָך נישט פון קיין זאַלאָטאַרעווסקיס און סיגעלס...

בכלל איז „אײפּערזוכט" אַ בעסער שטיקל אַרבעט, ווי „מאָטקע". אין „אײפּערזוכט" זענען דאָ מענטשן, אין „מאָטקען"—ה ע ל ד ן. און ס'איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אַ מענטשן און אַ העלד: אַ העלד קאָן דאָך זיין נישט קיין מענטש אויך...

„אײפּערזוכט" האָט אין זיך אויך מער מאָראַל און שטאָלץ צו פּירן דיסקוסיעס, ווי „מאָטקע". פון אײפּערזוכט קאָן מען פיל לערנען (אַפילו בראָנקסער ווייבער אויך).

אָך, וויפל אַפּאָריזמען מען קאָן עס אַרויסזאָגן וועגן „אײפּערזוכט"!

אייפערזוכט — איז די שוועסטער פון ליבע.

אייפערזוכט — איז דאָס קינד פון ציווילזאַציע (די ווילדע פעלקער, וועלכע האָבן באַזעצט בראָנקס און קראָטאָנאַ-פּאַרק פיל פריער, איידער די יידישע שרייבער, האָבן נישט געוווסט פון אייפערזוכט...).

אייפערזוכט — איז אַ חיה, וואָס שרייט אַרויס פון אַ היה.

פון „אייפערזוכט" קאָן איך אויספשטעלען וואָס איך וויל (אַרציבאַשעוו-סטודענטן פון דער יידישער גאַס, קומט מיר צו הילף!).

אַז מען וויל, קאָן מען זאָגן, אַז מיט „אייפערזוכט" האָט „אַרצי" געוואָלט באַווייזן די געפאַלנקייט פון אונזערע שוועסטער, אַנטשולדיק, די נידעריקייט פון דער פרוי, וואָס איז גרייט פאַר איר שפּיל צו אָפּפערן מיטן בעסטן מאַן...

אָבער איך ווייס, אַז מיט אַזעלכע „באַווייזן" קאָן איך נישט אויסנעמען. פאַר פרויען, ווי אין אַ פרויען-זשורנאַל", מוז מען שרייבן נאָר גוטס וועגן פרויען—אויב מען וויל דאָרט מיטאַרבעטן.

אַלזאָ, מיט „אייפערזוכט" האָט „אַרצי" געוואָלט נאָר ווייזן די נידעריקייט פון דער מאַנסבילשאַפט, דעם עגאָיזם פון דעם מאַן-חיה (איך הער שוין, ווי די פרויען אַפּלאָדירן), נאָר מ י ר, די מאַנסבילשאַפט, לאָזט נישט אומשולדיקע ווייבערשאַפט זיך שפּילן! נאָר מ י ר זענען שרעקלעך אייפערזיכטיק! נאָר מיר, ווי לייב-אייגנטימער, ווילן האָבן די ממשלה איבער אונזער ווייב-אייגנטום (ע, חיות, וואָס מיר זענען!). נאָר מיר, נידעריק-געפאַלענע, קאָנען נישט פאַרשטיין, אַז ביי דער פרוי (דערהויפּט דער געטאָקט-בעזולדיקער) קאָן ליבע זיין בלויז אַ העכערער גענוס, און שפּיל אין ליבע ריינע קונסט, נישט מער!..

יאָ, פון „אייפערזוכט" קאָן מען ציען, וואָס מען וויל, סיי פאַר מענער און סיי פאַר פרויען. מען האָט די מעלאָדראַמע געקאָנט אויך רופן גאָר מיט אַן אַנדער נאָמען און עס זאָל אויך ציען פולע הייזער. ווי געפעלט אייך דער נאָמען: „פרויען שפּילט זיך נישט מיט אייערע מענער!" אָדער: „דער שכר פאַר קאָקעטסטוואָ", אָדער: „ווייבער, זייט פאָרזיכטיק!" אויך אָט דאָס אַלץ איז דאָ אין „אייפערזוכט"...

אויפגעפירט האָט מען „אייפערזוכט" דווקא פיין, מיט די סניעגאָווס אין די הויפּטראָלן.

מאַדאַם סניעגאָוואַ, אַלס יעלענאַ, האָט געוויזן, — אַז זי פעלט

אויף דער יידישער בינע. אַז מיט אַזעלכע, ווי זי, דאַרף מען זיך נישט וואַרפן. זי שפּילט, ערשטנס, אינטעליגענט, נישט אָנגעצויגן און מען זעט, אַז זי איז אין דער ראָלע, אַז זי קאָן קאָקעטירן און פאַרפירן. זי איז איידל אין די שטילע מאָמענטן און גרויסאַרטיק אין די שפּילעוודיקע און פאַרפירנדיקע. אָבער דערהויפּט געפעלט זי מיר דערפאַר, וואָס זי לאָזט זיך אַזוי ל ײ כ ט ד ע ר ש ט י ק ן. איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ גוואַלדן און יללות און וועלט-איינליי־גענישן אַ מאַדאַם לאָבעל, אָדער מאַדאַם אַדלער, אָדער אַן אַנדער מאַדאַם פון דער יידישער בינע, וואָלטן עס אויפגעהייבן אין אַזאַ מאָמענט. און דאָ לאָזט זיך די סניעגאָוואַ דערשטיקן אַזוי שטיל, אַזוי גרינג — ממש אַ חיות!

און אויך סניעגאָוו אַלס סערגעי פּעטראָוויטש צייכנט זיך אויס פאַר מיר אין „אייפערזוכט". הויפּטזעכלעך מיט זיין רעאַליסטישער האַנט-אַרבעט... סניעגאָווס פּעטש זענען שוין באַלד נישט קיין בינע־פּעטש און זיין דערשטיקן דאָס ווייב איז ממש קונסט-אַרבעט אין שטיקעריי...

# „דאָס גרויסע געווינס“.

(קאָמעדיע אין 4 אַקטן פון שלום-עליכם, באַאַרבעט פון י. ד. בערקאָוויטש).

ענדלעך בין איך ווידער אינדערהיים, אין כתרילעווקע, אין שלום-עליכמס כתרילעווקע, די רעאַליסטישע און אויסגעשלומעליכמטע צוזאַמען. כ׳בין צוריק אין דער אַלטער היים, און איך פיל זיך זייער גוט מיט די כתרילעווקער: זיי זענען אַלע אַזעלכע גוטמוטיק-היימישע, כמעט גאָר קיין מענטשן נישט, נאָר אידעאַלן אויף פיס. איך האָב זיי ליב, דידאָזיקע שלום-עליכם-העלדן, מיט אַלע זייערע קליינע השגות, פיציניוצענקע קאַמפעלעך, אינטריגעלעך און ליבעס...

גיי האָב נישט ליב דעם שניידער בן שניידער, שימעלע סאָראָקער! אַז דו ווילסט, איז ער גאָר קיין שניידער נישט, נאָר איינער פון די שיינע יידישע בעלי-חלומות, אַ פאַנטאַסט פון כתרילעווקע, אַ מענטש מיט אַ הויכער מאָראַלישקייט, אַ נאָענטער קרוב צו יוזעפל דעם רב און אַ גאָר נאָענטער צו דעם מלמד פון „ווען איך בין ראָטשילד“. און אַז דו ווילסט, איז „ער“ גאָר אַ סאָציאַליסט, וואָס ווייסט נישט וואָס סאָציאַליזם איז...

שימעלע סאָראָקער שטרעבט צו רייכקייט — אָבער בעיקר נישט פאַר זיך. אמת, ער האָט ליב געבראָטענע קאַטשקעס, אָבער נאָכמער פון זיי האָט ער ליב טאָן גוטס. ער איז אַ מענטש פון גרויסן יושר-געפיל, דער שימעלע סאָראָקער, כמעט אַ מלאך...

און ווען די קאָמעדיע וואָלט געשריבן געוואָרן פון אַ שונד-פאַרטאַטש, וואָלט אַזאַ העלד געווען דער געוויינלעכער שונדישער מלאך-מענטש אויף דער בינע, דער „כולו-טוב“-העלד, מיט שונדישער גוטסקייט. אָבער ביי שלום-עליכמען ווערט ער אַ לעבעדיקער מענטש,

מיט אַ נשמה פֿון אַ מענטשן. איר מוזט גלויבן שלום-עליכמען אַפֿילו ווען איר פֿילט, אַז עס איז נישט גאָר ערדיש... איבערהויפּט איז „דאָס גרויסע געווינס", ווי אַלץ, וואָס איז שלום-עליכמדיק, נישט שטאַרק צוגעבונדן צו ערד, צו אַ סביבה. עס איז מער צוגעבונדן צו שלום-עליכמען. שלום-עליכם האָט זיך זיין אייגענע סביבה און ווירקלעכקייט, מיט וועלכער ער באַווירקלעכט זיינע העלדן.

און אַז מען וויל, איז „דאָס גרויסע געווינס" גאָר אפשר אינגאַנצן אַ פֿאַרס. אמתע קאָמעדיע איז עס נאָך נישט. אָבער אַפֿילו אויב עס איז אַזוי, איז דאָס יידישער פֿאַרס, מיט יידישן חן און יידישן מיין און דערצו ריין...

„דאָס גרויסע געווינס" איז אַזוי ריין און ציכטיק, אַז מען פֿאַרגעסט גאָר, אַז מען איז אין אַן יידישן טעאַטער...

הלוואי וואָלט ביי אונז געווען אַ סך פֿון דעם סאָרט שלום-עליכמדיקן יידישן פֿאַרס, מיט דעם גוטן יידישן לשון און מיט דעם שיינעם ריינעם וויץ.

יאָ, אויך ביי „דאָס גרויסע געווינס" לאַכט זיך, אָבער ס'איז גאָר אַן אַנדער מין געלעכטער. ער קומט פֿון הארצן און נישט פֿון בויך און נישט פֿון נאָך נידעריקער... עס איז אַ געלעכטער, וועלכן מען דאַרף זיך נישט שעמען מיטנעמען מיט זיך אַהיים, אַרויס-גייענדיק פֿון טעאַטער. עס איז נישט „חיה-ציפּעדיק" און אַפֿילו נישט „ווייז-געזאַנג-טאַנצנדיק"... און ווייסט איר נאָך וואָס עס איז מיר איינגעפֿאַלן? „דאָס גרויסע געווינס" האָט די ניו-יאָרקער יידישע „קהילה" (אויב עס איז נאָך דאָ אַזאַ זאַך) געמעגט נעמען אַלס אַ מוסטער אָדער מוסר-פֿאַרשטעלונג פֿאַר אַלע יידישע אָלרייטניקעס: פֿון באָראָ פּאַרק ביז ריווערסייד דרייוו, פֿון וואַשינגטאָן-הייטס ביז בראָנזוויל — זאָלן זיי זען, אונזערע אָלרייטניקעס, ווי אַזוי אַ ייד דאַרף זיך אויפֿפֿירן נאָכדעם, ווי ער אַרבעט זיך אַרויף...

און אפשר וואָלט עס באַדאַרפֿט טאָן נישט די „קהילה", נאָר אויך די „יידישע צדקות", מיט דעם „קרן-היסוד" בשותּפֿות: ווען אונזערע אָלרייטניקעס וואָלטן געזען, ווי פֿיין און לייכט און אַריס-טאָקראַטיש שימעלע, דער שניידער בן שניידער, טיילט עס פֿינף און צוואַנציק-דאָלאַרדיקע, וואָלטן זיי זיך אפשר אַראָפּגענומען אַ מוסר. און אויך אונזערע נייע לענדלאָרדס (די סאָציאַליסטישע אַריינגערעכנט) וואָלטן געדאַרפֿט קומען זען מאָריס שוואַרץ אַלס לענדלאָרד, ווי שיין

ער פּלאָנעוועט עס בויען הייזער און לאָזן אָרעמעלייט וואוינען אין זיי פריי, אָן געלט!

מיט איין וואָרט: „דאָס גרויסע געווינס" איז די יידישסטע פּיעסע אונזערע, אַזוי, אַז אַפילו רבנים, נישט נאָר יידישע קריטיקער, האָבן אויף איר געקאָנט געבן אַ „הכשר"...

איך בין געזעסן אין טעאַטער און זיך געריבן די אויגן. אפשר איז דאָס גאָר אײַנגאַנצן אַ חלום... יאָ, אַ חלום, נישט קיין לעבנס-זאַך, ווייל אין לעבן פּאַסירט עס מן הסתם נישט אַזוי. אָבער וואָס איז די נפקא מינה? זאָל זיין, אַז די מעשה מיטן „גרויסן געווינס" איז נישט אַזוי רעאַליסטיש. און זאָל זיין, אַז אַזאַ שניידער וואָלט ביי אַזעלכע אומשטענדן נישט געהאַנדלט פּונקט אַזוי ווי ער האַנדלט אין שלום-עליכמס קאָמעדיע; זאָל אויך זיין, אַז אַ שניידערס אַ טאָכטער פירט זיך נישט אויף אַזוי אין לעבן. אָבער, ווי געזאָגט, וואָס איז די נפקא מינה?

אפשר איז עס טאַקע נישט מער ווי אַ חלום אָט די גאַנצע מעשה? אַ שיינער חלום פון אַ כתרילעווקער שניידער, אַ ייד אַ בעל-חלומות, וועלכער איז פאַרליבט אין „עמך", אין שער און אייזן. און, זיצנדיק ביי דער אַרבעט, חלומט ער עס דאָרט...

מעגלעך, אַז ס'איז אַזוי. און דערהויפּט פילט איר עס אין לעצטן אַקט, ווען דער חלום פון „גרויסן געווינס" ווערט צערונען, ווען דער „אומגליק" איז פאַריבער, און שימעלע סאָראָקער קערט זיך אום צו זיין אָרעמען וואַרשטאַט צוריק. קיין פאַרביטערונג, קיין טראַגעדיע. פּונקט ווי ער וואָלט בלויז אויף אַ ווײַלע אָפּגעטראָטן פונדאַנען — נישט מער.

הכלל, איך בין געווען צוריק אינדערהיים און מיר דוכט, אַז אויך שוואַרץ האָט זיך ענדלעך דערפילט אינדערהיים. מיטן אָנטאָפּן דאָס בערדל האָט ער אָנגעטאַפּט באָדן אונטער זיינע פיס...

שלום-עליכמס קאָמעדיע שפּילט זיך אַ סך בעסער אין „קונסט-טעאַטער" אַפילו ווי גאָגאָלס רעוויזאָר".

אמת, מאָריס שוואַרצן צוזאַמען מיט מיר האָבן אפשר דערעסן די באַבאָרדעטע בינע-יידן, עס ווילט זיך אַמאָל באַפרייען פון דער באָרד. אָבער איך זאָג, אַז שלום-עליכמס יידן מיט בערד זענען מער אידעאַלן, ווי בערד, און זיי קאָן מען שפּילן און זען אייביק...

# „דאָן זשואַן".

(קאָמעדיע אין 4 אַקטן פון מאָליער, רעזשי פון וולאַדימיר וויסקאָווסקי).

איך קום ערשט פון דעם „קונסט-טעאַטער", וואו איך האָב געזען דעם פּאָטער פון אַלע סאַבינס — דאָן זשואַן. ווי קוקט ער אויס? „דאָן זשואַן" איז אַ שפּיל בלויז פאַרן אויג, און כּמעט גאָרנישט פאַרן אויער. מען קאָן קומען אין טעאַטער מיט גוט פאַרוואַטעוועטע אויערן (אָדער, צוליב באַקוועמלעכקייט, גאָר אָן אויערן), און מען וועט גאָרנישט פאַרלירן...

דער עיקר איז — ד אָ ס א ו י ג. פאַרן אויג איז דאָ אַ סך וואָס צו זען אין „דאָן זשואַן", לויט ווי שוואַרץ און וויסקאָווסקי האָבן עס אַוועקגעשטעלט. דאָס אויג האָט אויף יעדן בליק און קוק באַנייונג און דערפרישונג: אַ רייכע, קעניגלעכע אויסשטאַטונג, אַ דעקאָראַטיוו-באַפּוצטע בינע, לויט דעם 17-טן יאָרהונדערט. רייכע קליידער און באַלייכטונג, צערעמאָניעס אַ-לאַ לודוויק דער 14-טער. און דאָס פרישסטע: מאָריס שוואַרץ מיט לאַנגע בלאָנדע לאָקן...

און פאַר אונז, דעם מאָדערנעם טעאַטער-גייענדיקן עולם, וועלכער איז שוין זאַט איבער-זאַט פון אונזער טרוקענעם רעאַליזם, פון קעלער-הייזל און אונטערוועלט, איז עס פּשוט אַ באַפרייונג און באַנייאונג צו זען „דאָן זשואַן".

עס איז ווירקלעך גוט צו פילן זיך אין דער פּראָלעטאַרישער וועלט פון לעבין און אָלגין, אין אַ טעאַטער-סביבה פון לודוויק דעם 14-טן.

„דאָן זשואַן" איז אויסערלעך אַ פיינער ספּעקטאַקל, אַ גרויס-אַרטיקע לעבעדיקע קינאָ-בילד...

וואָס שייך דאָס אינעווייניקסטע פון „דאָן זשואַן", אָדער דער אינהאַלט, איז עס אַ קאַפּיטשקע שוין צו אַ ל ט. מיט קאַרגע דריי הונדערט יאָר צו שפּעט אַפילו פאַר דער יידישער בינע, וועלכע האָט אין אַ סך זאַכן פאַרשפּעטיקט... די עטלעכע עלנטע וויצן, וואָס דרייען זיך אַרום „פּוסט און פּאַס" אין דער קאָמעדיע, זענען שוין גאַנץ פיין אָפּגעלעבט...

„דאָן זשואַן" איז פּונקט דער היפּוך פון „רעוויזאָר". דער 100-יאָריקער רעוויזאָר לעבט זיין אייגענעם לעבן, אָן גאָגאָלן, אזוי צו זאָגן, און „דאָן זשואַן" לעבט נאָר בזכות מאָליער...

בכלל איז אין „דאָן זשואַן" נישטאָ וואָס צו שפּילן, עס איז אַן אַפּיקורסישע בורלעסק-מעלאָדראַמע, אַ פיר-אַקטיקע דרשה וועגן „פרייער ליבע", געמישט מיט מוסר פון כעלמער מגיד. עס איז אַ גאָט-לעסטערונג, פון וועלכער איין בנימין פייגענבוים וואָלט זיך נאָך אפשר אַמוזירט...

און דער סוף פון דער קאָמעדיע, דער מוסר השכל, אַז גאָט באַשטראָפט דעם זינדיקן, איז אויך שוואַך און אויבערפלעכלעך, ווייל, ערשטנס, איז עס אין היינטיקער צייט כמעט גאָר קיין זינד נישט. מען לעזט איצט יעדן טאָג אין די צייטונגען, ווי סתם מאַנסביל און נישט קיין „דאָן זשואַנען", פאַרלאָזן ווייבער און האָבן חתונה צו עטלעכע מאָל און גאָט שטראָפט זיי נישט... מיר קאָנען אַפילו „סאַנינען"—און ער לעבט און גייט אָן מיט זיין אַרבעט...

אָבער דערפאַר געפעלט מיר דער אופן, ווי דאָן זשואַן ווערט באַשראָפט:

דאָס א יי נ ז י נ ק ע ן א י ן ד ע ר ע ר ד—דאָס איז פאַנטאַסטיש-שיין און, דער עיקר: טאַקע ווידער אַ נייס... און נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך אָנגעקוקט אַזויפיל „מיתות משונות" אויף אונזער בינע — איז דאָס אַ טיפער שפּרונג...

איך בין באַגייסטערט פאַר דעם איינזיניקען-שלוס פון „דאָן זשואַן", און איך וואָלט עס פאָרגעשלאָגן אַלס „פּיטשור" פאַר אַ סך סטאַרס דערין מעגן זיי נאָכטאָן שוואַרצן). ווייל איך בין זיך מודה, אַז נישט איינמאָל, זיצנדיק אין יידישן טעאַטער און זעענדיק דאָס פּאַיאַצעווען און פּורים-שפּילעווען פון אונזערע „שטערנס", האָב איך זיך געשעפּטשעט אין פּראָגראַם אַריין: גאָט! גאָט! כ'אַלט זיך עפענען די ערד און זיי איינשלינגען!..

ווי שפּילט שוואַרץ דעם „דאָן זשואַן" און רובין דעם „סגאַנאַ־רעל"? — לויט מיין „אויג־און אויער־טעאָריע" איז דאָס קיין נפקא מינה נישט, דער עיקר — שוואַרץ האָט אויסגעזען שיין און יום־טוב־דיק און אַנדערש. פאַרשטייט זיך, מען האָט געזען דעם אָנשטעל, אָבער אַזאַ אָנשטעל איז ליב...

נ. ב.: גאַנץ אָפט זענען די אַקטיאָרן אַ שטיקל שטערונג צום פּובליקום. אָפט פּאַסן זיך די אַקטיאָרן נישט פאַרן פּובליקום אין טעאַטער. דאָסמאָל האָב איך געפילט, אַז דאָס פּובליקום פּאַסט זיך נישט צו די אַקטיאָרן, איז אַ שטערונג צו דער רייכקייט פון דער קאָמעדיע... אַלזאָ, ווילט זיך מיר פאָרשלאָגן שוואַרצן, אַז ער זאָל אויך פאַרפּוצן דאָס פּובליקום אין די קליידער פון לודוויקס צייטן, און אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלען דעם טעאַטער אין אַ קעניגלעכן הויף. דאָס וואָלט זיכער געווען אַ נייס.

און אַז די קאָמעדיע זאָל ווערן אַ דערפאָלג, גלויב איך, איז דאָ נאָר איין זיכערער מיטל. זאָל מאָריס שוואַרץ אָנשטעלן נאָך אַ טוץ קליינע אַראַבערלעך און צווישן די אַקטן זאָלן זיי טאַקע מכבד זיין דעם עולם מיטן אמתן געטראַנק — איז נישט פון די קעלערן פון לודוויק דעם 14־טן, איז פון די קעלערן פון אַ בוטלע־גער דעם 14000־טן...

# „קבצן, וואו קריכסטו?"

(טראַגי־קאָמעדיע אין פיר אַקטן פון ז. ליבין, אין אוירוויגג פּלייס טעאַטער).

געזען ז. ליבינס טראַגי־קאָמעדיע „קבצן, וואו קריכסטו", און איך וויל זיך אַ ביסל דורכשמועסן וועגן דעם: ליבין רופט עס טראַגי־קאָמעדיע, אָבער באמת איז דאָס נישט...

עס איז, וואָס? איך קען אליין נישט באַשטימען. ווען עס וואָלט געהאַט אַ קאָפּעטשקע מער מוזיק, וואָלט עס געקענט הייסן אַ „מוזיקל־קאָמעדיע". האָט עס אָבער נישט... ווען מען וואָלט אין דעם גערעדט מער מיט גראַמען, וואָלט מען עס געקענט רופן אָפּע־רעטע — איז אָבער ליבין אַ האַרטער פּראָזאַיקער און האָט קיין גראַ־מען נישט געגעבן... ווען מען וואָלט אין דער טראַגי־קאָמעדיע כאָטש אַ ביסל געוויינט און אַ פּאָר מאָל מער געחלשט, וואָלט מען עס גע־קענט רופן דאָס, וואָס מען רופט אַלע שונד־שטיקער אויף דער יידישער בינע. אָבער דאָס איז אויך אין ליבינס טראַגי־קאָמעדיע נישטאָ. אַלזאָ, וואָס טוט מען? ווי רופט מען עס פּאָרט? עס איז ליבינס אַ שטיק... עס איז, וואָלט איך געזאָגט, נישט קיין לעבנס־טראַגי־קאָמעדיע, נאָר אַ ליבינס טראַגי־קאָמעדיע... עס איז ליבינס אַ סקיצע, און אַ שוואַכע דערצו, געדרוקט אויף דער הומאָריסטישער זייט פון זונטיקדיקן „פאָרווערטס", צעצויגן אין 4 אַקטן...

און עס וואָלט מן הסתם נישט געגאַנגען, ווייל ווי קען אַ שוואַכע סקיצע גיין? האָט אָבער ליבינען דאָסמאָל אָפּגעגליקט. ערשטנס, שפּילט אין דעם לודוויק זאַץ, און ער דאַרף בכלל קיין פּיעסן נישט — ער פּידט עס אויס מיט זיך אַליין, און, צווייטנס, שפּילט אין דעם אַ היפּשע ראָלע ראובן גוסקין, און ראובן גוסקין

מיינט אַ הכשר פון דער יוניע, פון מאַקס פּיין, פון די געווערק־שאַפטן, פון אַרב. רינג, פון „פאָרווערטס״... און מיט אַזאַ הכשר קען מען אַפילו פאַרקויפן פערד־פליייש פאַר רינד־פליייש...

„קבצן, וואו קריכסטו״, איז דראַמאַטיש זייער קבצניש און עס איז אַזוי מאָגער, אַז עס קען אַריינקריכן אין אַן אויערל פון אַ האַלב־יאָריק עופעלע, אָנשטאָט אַ בעבל... קליין און מאָגער!

אַ ייד, אַ שוסטער וואוינט אין אַטוירני סטריט, האָט אַ ווייב און אַ טאָכטער און אַ פּאָר קליינע קינדער און אַ שווער. פאַרגלוסט זיך דעם שוסטערס ווייב אַריבערצוקלייבן זיך אין „וואַשינגטאָן האַיטס״, אָדער „פאַיטס״, און זיי מופען אַריבער, צאָלן אַכציק דאָלאַר אַ מאָנאַט דירה־געלט, און דאָ, הפנים, הייבט זיך אָן די טראַגי־קאָמעדיע. אויף „וואַשינגטאָן האַיטס״ גראָד ווערט דעם שוסטערס פאַמיליע ערגער. גראָד אין כייקלס אַפּאַרטאַמענט גיט מען נישט קיין באַהייצונג, גראָד דאָ איז נישטאָ קיין גאַז, קיין הייס וואַסער און קיין עלעקטריע און גראָד נעמט מען ביי זיי אַפילו קיין מיסט נישט (ס׳איז מן הסתם, כדי זאַך זאָל קענען מאַכן פון זיין קעשענע אַ מיסט־פעסל און גראָד גלייך, שוין אין די ערשטע פּאָר טעג, פאַרליבט זיך אין דעם שוסטערס מיידל אַ גביריש זונדל... דער פילבאַקאַנטער זונדל... טאַקע פון דעמדאָזיקן אַפּאַרטאַמענט). און גראָד איז ער אַ שאַרלאַטאַן... וואָס־זשע דען, אַ גביריש זונדל און פון „וואַשינגטאָן פאַיטס״ וועט נישט זיין קיין שאַרלאַטאַן? — און צום סוף קלייבט זיך דער שוסטער צוריק. דאָס איז כמעט אַלץ... אויסערדעם, איז נאָך דאָ צוגעטשעפעט אַ ראַזירער, וואָס איז פאַרליבט אין דעם שוסטערס מיידל ביז איבער העט, העט... און, פאַרשטייט זיך, וויבאַלד אַז ער איז פון אַטוירני סטריט, איז ער ממש אַ מלאך און נישט קיין ראַזירער... איבערהויפּט דאַכט זיך מיר טאַקע, אַז ער איז נישט קיין ראַזירער... ווייל פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס זיין געשעפט שטייט אויף דער בינע, זעט מען אים נישט אַרבעטנדיק און מען זעט בכלל קיין קונדן נישט... אויך איז דאָרטן צעליבינט אַ שאָפּ־מיידל, אַ פלאָרענס, אַ רייך־פאַרהייראַטע, וועלכע איז, כאָטש זי איז אַ חברטע פון דעם שוסטערס מיידל פון אַטוירני סטריט, אַ דאון־טאַונער, הייסט עס... דאָך איז, וויבאַלד זי איז רייך־פאַרהייראַט און פאַר אַ חתן מיט קרומע פיס דווקא (ליבין פאַרגינט נישט די רייכע קיין גלייכע פיס), איז זי אויך אַ שלעכטע, כמעט אַ טייוול.

דאָס איז דער גאַנצער אינהאַלט. און כאָטש ס׳איז דאָ אַ פּאַר־טיקע מאָראַל: „קבצן, וואו קריכסטו", און כאָטש עס איז אַ יוניע־טעאַטער, אַ קאָאָפּעראַטיווער, אַ פּראָלעטאַרישער, דאָך איז זי, די מאָראַל פון אויפגעקומענעם. פון דער מאָראַל שרייט ממש אַרויס מיט אַ זאַטער פיליסטער־שטימע: העי, אָרעמעלייט, קבצנים, זיצט, זיצט, וואו איר זיצט, ליגט אין די קעלערס, אָבער קריכט נישט צו אונז!..

איינער פון די רעדנער פון דעם אָוונט (אויך דאָ זענען געווען רעדעס), דאַכט זיך, דער שוישפּילער־רעזשיסער ווײַנטרויב, האָט פּראָקלאַמירט, אַז „קבצן, וואו קריכסטו" איז אַ יידישע פּיעסע, ווײַל ס׳איז פון אַטוירני סטריט... ניין! ער האָט נישט רעכט, נעמען פון באַקאַנטע יידישע גאַסן אין אַ פּיעסע מאַכן נאָך נישט יידיש די פּיעסע. יידיש דאַרף זיין דער אינהאַלט, די נשמה, און דאָס איז אין ליבינס פּיעסע נישטאָ... עס איז יידיש טעאַטער!.. מען שפּילט יידיש טעאַטער, און ווייל ס׳שפּילן אַ פּאָר גוטע אַקטיאָרן, איז עס דערטרעגלעך יידיש טעאַטער — אָבער נישט מער...

ווי געזאָגט, אויב „קבצן, וואו קריכסטו" וועט גיין, וועט עס זיין אַ דאַנק לודוויק זאַצן און אויך אַ היפּש ביסל גראַפּן.

זאַץ דאַרף איבערהויפּט נישט קיין פּיעסן. ער קען אַליין פּאַרפּאַסן אַ פּאָר לידלעך און מיט זיי פּאַרנעמען דעם אָוונט.

זאַץ האָט אַ באַזונדער כּוח, ווייל ער האָט אַ באַזונדערן חן.

זאַץ איז אומעטום זאַץ, כאָטש נישט אומעטום גלייך. אַמאָל שוועבט אויף אים די אמתע געטין פון קונסט, אַמאָל שפּרייט איבער אים אויס די פליגלען דער „געץ" — שונד. אַמאָל באַהעפט זיך זאַץ מיט דער מיאוסער מויד: בורלעסק. אָפט פאַרדריסט אייך אויף זאַצן, וואָס ער דערנידעריקט זיך ביי אונדז, אָבער בכלל איז זאַץ — אַ דערשיינונג פאַר זיך אַליין און אומעטום איז ער דער הערשער איבער זיין ראָלע און שטענדיק באַלעבאַטעוועט ער איבער איר און נישט זי איבער אים...

און דערהויפּט איז זאַץ שטענדיק גוט אַלס זיידע. אויף דער יידישער בינע קען איך אַ סך זיידע־שפּילער: רובין, דובינסקי, מאַרק שווייד, אָבער זאַצס זיידע איז דער זיידע איבער אַלע זיידעס.

# „די נאַכט פון דער חתונה".

(מוזיקאַלישע קאָמעדיע אין 3 אקטן פון משה שאָר, אויסגעפירט פון מאַקס געביל).

עס איז אַ פאָלקסשפּיל, און אונזער פאָלק איז אַ ליידנדיק פאָלק. אַלץ שרייבט מען, נעבעך, אים צו, און אַלץ שרייבט, נעבעך, אויף זיין נאָמען. עס איז אַ ליידנדיק פאָלק, און מיר מוזן אויך ליידן!..

ווי הייסט דאָס פאָלקסשפּיל? קיין נפקא מינה! עס הייסט „די נאַכט פון דער חתונה", אָבער וואָס איז אַ נאָמען אין אַ פּיעסע אין יידישן טעאַטער? — גאָרנישט! עס האָט פונקט אַזוי ריכטיק געקאָנט הייסן: „ברײנדעלע קאָזאַק", „די נקבה", „דבורה די קרובה", „דער צעריסענער גט", „די געפּעלשטע וועקסלען", דער יידישער פּריץ", „אַ הלוויה צו דער שיקסע", אָדער גאָר: „פּעטש און פּעטשלעך", ווייל די גאַנצע קאָמעדיע פלאַמט ממש פון פּעטש... מען קאָן זאָגן, אַז משה שאָר האָט נישט אָנגעשריבן, נאָר אויסגעפּאַטשט אַ מוזיקל-קאָמעדיע.

עס פּאַטשט זיך, הויפּטזעכלעך, דער יידישער פּריץ (מאַקס געביל), עס פּאַטשט זיך דבורה די קרובה, עס פּאַטשט זיך מאיר דער משרת, עס פּאַטשט זיך אַפילו די שיקסע מאַריאַשע (כאָטש בטבע וועט זיך אַ שיקסע בעסער שלאָגן, ווי פּאַטשן, פּאַטשן איז אַ יידישע טבע).

אמת, פון די אַלע פּעטש קען מען בלייבן לעבן, זיי זענען בלויז די גוט באַקאַנטע בינע-פּעטש — אָבער דאָך פּעטש.

אמת, דער יידישער פּריץ אַליין פּאַטשט זיך אויך, ווי איינער זאָגט: איך וויל גאָר שלאָפן, נאָר אַז מען דאַרף געבן אַ פּעטש — טאָ נאַט! — ער פּאַטשט זיך, אַזוי צו זאָגן, מיט אַ וואַטאָווער האַנט—

אָבער ווען נישט דידאָזיקע, אַפילו וואַטאָווע פּעטש, וואָלט מען גאָר־נישט געוואוסט, אַז מען האָט דאָ וואָס צו טאָן מיט אַ פּריץ, און מיט אַ שלעכטן דערצו... אדרבה, דער ייד ווייזט גאָר אויס אַ גאַנץ ווייכער מענטשל...

הכּלל: מען פּאַטשט און מען פּעטשלט זיך!

און אונזער יידישער עולם האָט ליב פּעטש און איז חערט די פּעטש... מען זעט ממש, ווי יעדער פּאַטש אויף די בינע־ברעטער גיסט אין אים אַריין חיות, לעבן, פרייד און פּודן געזונט. מען זעט ממש, ווי פון יעדן פּאַטש אויפן באַק רויטלט זיך זיין נשמה...

און איך זאָג, ווען אַ יידישער טעאַטער־דירעקטאָר פירט איין אַ נייס, און הייבט אייך אָן אויסטייכן אַזעלכע טעאַטער־פּעטש דעם ליבן פּובליקום אַליין — וואָלט ער געמאַכט גאָלד. און די פּאַטש־פּיעסע וואָלט געווען דער ריזיקסטער דערפאָלג!.. איך מיין, אַז די אַקטיאָרן זאָלן פון צייט צו צייט אַרונטער פון די בינע־ברעטער, זיך דורכשפּאַצירן צווישן עולם און יעדן איינעם מכבד זיין מיט אַ פּעטשל.

גלייכער, עס זאָלן עס טאָן בלויז די סטאַרס אַליין: די מאַנס־ביל זאָל פּאַטשן די סטאַריכע, און די פרויען דעם סטאַר, און איך פרעג אייך, ווער וואָלט עס נישט געוואָלט געפּאַטשט זיין פון אַ סטאַר אָדער סטאַריכע?

עס איז דאָ (אין אָפּערעטן־לאַנד) אַ יידישער פּריץ, הייסט ער שמואל קיזלער, האָט ער אַ סך גיטער, איז ער רייך און ער פירט זיך אויף, ווי אַ פּריץ. איז בייז, שלעכט, קאַרג און אַלע ציטערן פאַר אים. דאָס הייסט, ווי געביל שפּילט אים, זע איך נישט איין, וואָס מען ציטערט אַזוי פאַר אים, — ווי געזאָגט, איז ער אַ גאַנץ שטילער מענטשל. נישט אַנדערש, אַז זיי שרעקן זיך פאַר זיין פּעלע־רינע, וואָס ער טראָגט אַלאַ האַמלעט!.. ווייטער, איז דאָרט דאָ אַ ייד, וואָס הייסט יונה, האָט דער ייד אַ טאָכטער, הייסט זי רחלע, האָט רחלע אַ געליבטן, הייסט ער ישראל. נו, ליבן זיי זיך, די רחלע און דער ישראל (אַ רמז אויף יעקב און רחל פון דער ביבל!), זינגען קופּלעטן צוזאַמען מיטן אָרקעסטער, קושן זיך נישט, ווי אין רומעניע, נאָר ווי אין אַ בורלעסק... אַלזאָ, מאַכט זיך, אַז ביי דעם יידישן פּריץ שטאַרבט זיין ווייב, איז וואָס מיינט איר, ער וועט זיצן און וואַרטן? קומט ער גלייך אויף מאָרגן, צי אויף איבערמאָרגן, צו דעם יידן יונהן און הייסט זיך דערלאַנגען זיין טאָכטער רחלע! ער באַ־

שטעלט אַ רחלע, פּונקט ווי מען באַשטעלט אַ טעלער זופּ אין אַ רעסטאָראַן... נו, איז קווענקלט זיך טאַקע דער טאַטע, וויל טאַקע נישט דאָס מיידל, שרייט איר געליבטער. טומלט זיך דער גאַנצער עולם אויף די ברעטער, בייזערט זיך דער פּויק, — אָבער מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ יידישן פּריץ, טיילט ער כמעט אַלע איין צו וואַטאָווע פּעטשלעך... סטראַשעט אָן דעם יונהן (מיט אַ שטימע, וועלכע איז גאָרנישט סטראַשנע), אַז ער האָט ביי זיך זיינע געפּעלשטע וועקסלען, קען ער אים אָפּשיקן אין חד־גדיה אַריין, און אַזוי ווי יענער וויל אַהין נישט גיין, דערשרעקט ער זיך און אַלע דערשרעקן זיך מיט, און דער סוף, — דאָס מיידל אָפּפּערט זיך פאַרן טאַטן און וויליקט איין חתונה האָבן מיטן יידישן פּריץ...

וואָלט עס דאָך שוין על פּי שכל געדאַרפט זיין אַ סוף צו דער קאָמעדיע, אָבער זי הייבט זיך ערשט אָן: יונה, דער טאַטע, האָט אַ קרובה, הייסט זי דבורה, אַ לעבעדיק מיידל, אַ כוואַטסקע בקבהלע. ליבן ליבט זי זיך מיט מאיר דעם משרת, קושט זיך מיט אים, פּאַטשט זיך מיט אים, אָבער דאָך אָפּפּערט זי זיך, און וויל ראַטעווען רחלען פון דעם פּריצס הענט. זי טוט אָפּ דעם חתן אַ שפּיצל, ווי לבן האָט אַמאָל אָפּגעטאָן יעקבן. זי דענקט זיך איבער און שטעלט זיך אונטער דער חופּה אנשטאט רחלען. אמת, זי איז אַ סך אַ נידעריקערע, ווי רחל, און איך זע נישט איין, פאַרוואָס זאָל דער חתן דאָס נישט איינזען, דערהויפּט ווען דאָס גאַנצע פּובליקום זעט עס איין? — נאַר, מילא, אין אָפּערעטע מאַכט מען אַ לעבן פון נישט דערזען און נישט דערהערן... אַלזאָ, דער בייזער פּריץ, איז זי מקדש, און ווען ער גיט גלייך אָפּ יונהן די וועקסלען און יענער צערייסט זיי — דעקט זיך דבורה די קרובה אָפּ און ווייזט אים, ווער זי איז...

און דאָ דאַרף מען זען אונזער ליב פּובליקום. אַ געזונט אים אין די ביינדלעך, אַי, אַמוזירט עס זיך! אַי, האָט עס הנאה! אַי, זעט עס אַ נקמה אָן דעם בייזן פּריץ, דעם אינטריגאַנט! אַי, געפעלט אים עס די דבורה, די קרובה!

הכלל, וואָס איז דאָ צו רעדן, חתונה געהאַט — איז פאַרפאַלן. דער פּריץ מוז זיך האַלטן מיט דער דבורהן... אָבער איר איז נאָך, משמעות, ווינציק, וואָס זי האָט אים אָפּגענאַרט, זי דערגייט אים נאָך דערצו די יאָרן אויך... אַ פּיסקאַטש האָט זי, שוין איינמאָל אַ פּיס-

קאַטש! אָבער מען מוז איר געבן קרעדיט: זי האָט אים נישט גלאַט צוליב ווייבערשער טבע, נאָר צוליב מאָראַל... דאָס איז אַ פּיסקאַטש מיט אַן אידעע, אַזוי צו זאָגן. בטבע איז זי אַ גוטע, אַ פיינע, אַ ליבע, און אויב זי לייגט איין וועלטן און וואַרפט פּעטש — איז דאָס אַלץ צוליב דער אידעע. זי וויל טאָן גוטס פאַר דער גאַנצער משפּחה...

קורץ: דער יידישער פּריץ וויל זי אָפּגטן. שטימט זי איין: גטן איז גטן! און עס קומט פאָר אַ גט-סצענע אויף דער בינע. אָבער זי צווינגט אים פריער אונטערצושרייבן „אַ פּאַפּיר מיט פּונקטן" וועגן אָפּגעבן אַ ירושה און נאָך אַזעלכע גליקן. ער שרייבט אונטער, אָבער דער סוף איז פאָרט נישט קיין טרויעריקער: דער יידישער פּריץ האָט חרטה, ווערט גלייך אַ לייטישער מענטש, צערייסט דעם גט און דבורה די קרובה קושט אים, און דבורה די קרובה זיגט אויף אַלע פראָנטן און איז די העלדין פון דער נאַכט אין געבילדס טעאַטער... דאָס ליבע פּובליקום קומט אין גרויס התפּעלות, איז שרעקלעך צופרידן, וואָס אַלץ האָט זיך אויסגעלייגט גוט.

און ווען דאָס פאָלק איז גליקלעך, פאַרוואָס זאָלן מיר שטערן זיין גליק?

איך האָב איבערגעגעבן דעם סיוזשעט, אָבער גאָר גרינג איז עס מיר נישט אָנגעקומען. איך האָב דערביי געמוזט אויסזיצן (אויף אַן עקסטרע שטול) גוטע דריי און אַ האַלבע שעה, און סאַמע לעבן די מוזיקאַנטן. בעת איך האָב אַרויסגעקריגן דעמדאָזיקן סיוזשעט, האָב איך געמוזט אויסהערן לידער, קופּלעטן, אָפּט אַ קאַפּיטשקע וואולגאַר-לעכע; צוזען פּעטש, וואָדעוויל-קושן, פּיס פון יידישע שוישפּילערינס, וועלכע זענען אָפּט דיקער, ווי סתּם פּיס, הערן מוזיק פון סאַמע קוואַל אַרויס, און איך בין זיך מודה, אַז ביז איך האָב תּופס געווען דעם סיוזשעט, האָב איך זיך גענוג אָנגעפּלאָגט. אָבער צום שלום האָב איך אַלץ פאַרשטאַנען און איך בין אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין שפּיל...

ווי האָבן די אַקטיאָרן געאַקטיאָרעוועט? אָפּט דאַכט מיר, אַז מיר האָבן נאָך אַלץ בעסערע שוישפּילער-שטאָף, ווי שוישפּיל-שטאָף. כמעט אַלע האָבן געשפּילט נישט שלעכט. ווען מען וויל, קען מען אַפילו זאָגן — גוט. לאָמיר אָנהייבן פון דשעני גאָלדשטיין: זי, אַלס דבורה די קרובה, האַלט ממש די גאַנצע שווערקייט אָדער גרינגקייט,

די פּולקייט אָדער פּוסטקייט פון דעם שפּיל אויף אירע ווייבערשע פּלייצעס. זי שפּילט פריער פון אַלץ, און דערצו מיט אַ סך חן. זי קען איר עולם, אָבער זי איז דאָך נישט וואולגאַר מיט אים, און אפילו ווען זי זינגט הללויה צו דער שיקסע:

אָמר אַביי,

אַ שיקסע איז אַ מחיה...

קומט עס ביי איר אויך אַרויס גאַנץ „כשר". זלבער אַזוי כשר, ווי אַ הכשר פון אַ ניו־יאָרקער רב...

איך האָב דזשענין געזען דעם ערשטן מאָל שפּילן אַ סובּרעטין־ראָלע, און איך מוז זאָגן, אַז זי געפעלט מיר א סך, אַ סך מער, ווי אַלס טראַגיסטין, אַלס ווייגערקע, אַלס די סאַראַ בערנאַרד פון געבילס טעאַטער.

און געביל אַליין? אמת, ער איז אַ קנאַפּער יידישער פּריץ, און ווי מיר דאַכט, שפּילט ער נאָך אַלץ דעם „גולם" פון פּאַראַיאָרן. ער קען, הפּנים, פון דער ראָלע נישט אַרויס — נאָר אויב נישט קיין פּריץ, און נישט קיין שטרענגן—פאָלקסטימלעכקייט האָט ער אויך דאָ...

„בלויז געביל האָט די פעאיקייט צו געבן פאָלקסטימלעכע זאַכן פאַרן יידישן עולם", אַזוי אומגעפער זאָגט ערגעץ דער נע־ונדניק יואל ענטין, אין זיינער אַ קריטיק און איך מוז מיט אים איינשטימען.

און ווען נישט די רעדע (וואָס געביל, און נישט ענטין) האָלט פאַרן פּובּליקום, וואָלט גאָר געווען בכי טוב. איך פרעג אייך: צו וואָס דאַרפן אַקטיאָרן קאָליע מאַכן רייד, איז זיי דען ווינציק וואָס זיי מאַכן קאַליע — שפּיל? צו וואָס האַלטן רעדעס און נאָך דערצו נאַרישע? און דערצו אין אַ צעקאַליעטשעטער עברי? פאַרוואָס זאָגן אונזערע סטאַרס נישט נעמען אַ קורס יידיש אין אַ שלום־עליכם־פאָלקס־שולע? וואָס האָט געביל דערקלערט אין זיין רעדע? — איין קלייניקייט! — אַז ער דינט דעם יידישן פאָלק? מיט וואָס? מיט דעם, וואָס ער דערבנידריקט זיך אַלס סטאַר און שפּילט אינטריגאַנטן־ראָלן, וועלכע מען פייפט אויס. ווען נישט דאָס דינען, זאָגט ער, וואָס ער וויל דינען, וואָלט ער דאָס נישט געשפּילט. און דאָס מיינט, אַז ער, געביל, איז זיך מקריב פאַר דעם יידישן פאָלק.

אַלע אָפּפערן זיך פאַרן יידישן פאָלק! געביל אויך! עך, די שלעכטעס יידישעס פאָלקעס, וויפל קרבנות דו לאָזט עס ברענגען פאַר זיך? פע, נישט שיין פון דיין זייט, נישט שיין!

# „די זיבן געהאנגענע".

(דראַמע אין 5 אַקטן פון לעאָניד אַנדרייעוו, אין יידישן קונסט-טעאַטער)

„די זיבן געהאנגענע" איז פון אַנדרייעווס מענטשלעכסטע זאַכן, שטיל, מיט שטילע פאַרבן, רויק, אָן מיסטישע קונצן. מיט איינגע-האַלטענעם געלייטערטן פּאַטאָס, אָן אויסגעשרייען צו דער גאַליאָרקע, אָן סטראַשונקעס צו דער אייביקייט, מענטשהייט און גאָטהייט, פּירט אַנדרייעוו די זיבן מענטשן צו דער תּליה.

און דערפאַר מאַכן די „זיבן" אַזאַ גרויסן איינדרוק, סיי אין בוך, סיי אין טעאַטער. איר זעגנט זיך מיט זיי, ווי מיט אייגענע ליבלעכע.

אַנדרייעוו האָט אין זיינע „זיבן געהאנגענע" געוויזן די מענטשן, וואָס מענטשן קענען מאַכן פון מענטשן...

„די זיבן געהאנגענע", איז די גרעסטע אַגיטאַציע קעגן טויט-שטראָף, קעגן דער תּליה, גיליאָטינע, קעגן דער עלעקטרישער שטול אפילו. אַן אַגיטאַציע — אָן אַגיטאַציע קעגן מענטשן, וועלכע שיקן מענטשן צום טויט. אַ טענדענץ-וואָרט אָן טענדענץ.

קען מען פון אַנדרייעווס מעשה וועגן די „זיבן געהאנגענע" מאַכן אַ דראַמע? — יאָ. אַ באַווייז — מען האָט עס געמאַכט און מיט דערפאָלג.

די באַוואוסטע „וואָס איז דראַמע-באַשטימער" וועלן מן הסתּם באַשטימען:

מען קען נישט!... די דראַמע איז קיין דראַמע נישט. ווייל... ס'איז דאָ אַזוי ווייניק האַנדלונג... ס'וואַקסט נישט...

פאַרגלייוערטע נאַראָנים! און אַז יעדער אַקט איז פאַר זיך אַ

באזונדער דראַמע, איז אייך שלעכט? נו, זעט איר פינף דראַמען אין איין אָוונט! וואָס דערלייגט איר, וואָס? אָבער אין אמתן איז דאָס איין דראַמע. און עס איז דאָ האַנדלונג און עס וואַקסט אויך...

ס'פאַרשטייט זיך, אויב איר רופט נאָר אָן האַנדלונג — אויסערלעכע האַנדלונג: מען שיסט זיך, מען סמט זיך, מען שלאָגט זיך, מען אַנטלויפט פון דער ווייב א. אַז. וו. — איז עס נישטאָ. אָבער אויב האַנדלונג קען אויך זיין אינערלעכע, אין דער טיף איבערגעלעבטע — איז עס דאָ.

און וועגן וואַקסן איז אַזוי: ס'זענען דאָ פאַרשידענע מינים פון וואַקסן.

אַ קינד וואַקסט און אַ בויך פון אַן אָדרייטניק וואַקסט אויך... אַ דראַמע קען וואַקסן — אין דער ערד... און אין הימל...

די דראַמע „די זיבן געהאנגענע" וואַקסט שוין גאָר, והא ראיה: דער עולם וואַרט מיט אומגעדולד אויף יעדן אַקט. דער עולם ווייס, אַז מען וועט זיי הענגען, דאָס איז באַשטימט און דאָך איז ער פאַראינטערעסירט, אומגעדולדיק-נייגיריק, און דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז אַ דראַמע מוז נישט זיין דווקא פונקט ווי מען האָט זי באַשטימט פון ששת ימי דראַמע, פול מיט אויסערלעכע עפעקטן. זי קען זיין אַ רויקע, אַ טיפע, אַפילו אַ נישט-וואַקסנדיקע און דאָך זאָל זי פאַרכאַפּן — אָט דאָ ליגט דער סוד פון טאַלאַנט.

געוויינלעך, זאַלאָטאַרעווסקי קען עס נישט, און אַנדרייעוו האָט עס יאָ געקענט...

איר זיצט ביי די „זיבן געהאנגענע" און איר גייט זיי נאָך פון משפט-זאַל — אין טורמע, פון טורמע — אויפן וואָקזאַל, — פון וואָקזאַל — אין טורמע, און מען קען זאָגן, אַז מען גייט זיי נאָך מיט פאַרגעניגן, מיט יענעם גרויסן פאַרגעניגן, וועלכער קומט פון גרויסן צער און נאָך גרעסערן מיטגעפיל.

„די זיבן געהאנגענע" דאַרף זען יעדערער:

א) כדי צו זען ווי אַ מענטש שטאַרבט צוביסלעך, ווייל יעדער מענטש שטאַרבט אייגנטלעך צוביסלעך, אָבער ער זעט עס נישט.

ב) כדי איבערצולעבן אַ טויט-אורטייל.

ג) כדי צו לערנען ווי גרויס און ווי קליין, ווי שטאַרק און ווי שוואַך מיר זענען אין פנים פון טויט.

ד) אויך כּדי צו זען די איינציקע אמתע „פֿאַרברידערונג” אין לעבן (פון אַ ווערנער און אַ יאַנסאָן).

און דערהויפּט דאַרפן די דראַמע זען: טורמע-אויפזעער, פּראָקוראָרן, ריכטער, סאָלדאַטן, אַדוואָקאַטן, לענדלאָרדס (וועלכע באַגראָבן מענטשן לעבעדיקערהייט), קריטיקער (וועלכע ברענגען שרייבער צו דער תּליה).

„די זיבן געהאַנגענע” איז די וויכטיקסטע און לעבעדיקסטע דראַמע. די וויכטיקסטע — ווייל די מענטשלעכסטע. די לעבעדיקסטע — ווייל די טויטסטע.

ס'איז אַ שפּיל, וואו ס'ווערט באַוויזן דער כּוח פון לעבן, פּונקט ווי דער כּוח פון טויט.

אַ גרויס ווערק!

איך בין דאָסמאָל איינשטימיק מיט דעם „מיר דוכט-ניקער”, היילוואוד ברוין, אַז מען טאָר זיך אַזוי נישט וואַרפן מיט דעם וואָרט קונסט און קינסטלער. דאָס וואָרט ווערט ביליק פון צופיל נוצן אים.

דערהויפּט האָט מען ביי אונז די לעצטע צייט גענומען מיאוס מיסברויכן דאָס וואָרט קונסט און קינסטלער. כּמעט יעדע פאָרשטעלונג ווערט ביי אונז אַנאָנסירט אַלס „קונסט-פאָרשטעלונג”. די אַנדערע טעאַטערס האָבן זיך געכאַפּט נאָכצוטאָן שוואַרצן און מען וואַרפט זיך מיט קונסט אין אַלע רעקלאַמען.

דאָס, וואָס מען האָט אַמאָל אַנאָנסירט אַלס „אַמוזירענד”, „האַרץ-רייסנד”, זיבעטע וואכע סוקסעס!” „סענסאַציאָנעלע דראַמע” — אַנאָנסירט מען איצט מיט קונסט.

דערפאַר וויל איך זיך נישט וואַרפן מיט קונסט און קינסטלער.

און איך זאָג בלויז, אַז מיט „די זיבן געהאָנגענע” האָט זיך דער „יידישער קונסט-טעאַטער” אויפגעהייבן — נישט אויף דער תּליה, נאָר אויפן לייטער, וואָס פירט צו קונסט. דער לייטער איז הויך, פּילשטאַפּלדיק, און ס'איז דאָ גענוג אַרבעט פאַר אַמביציעזע קלעטערער...

די זיבן געהאַנגענע שוישפּילער פון קונסט-טעאַטער האָבן באַוויזן, אַז זיי זענען זיבן אַמביציעזע קונסט-קלעטערער. זיי האָבן באַוויזן, אַז מען קאָן ביי אונז מיט גוטער רעזשי דעם יידישן אַקטיאָר אויפהייבן און אויסלייטערן.

וואו נעמט מען רעוורענד מאַסליאַנסקיס כּוח צו געבן קאָמפּלימענטן!

אַלע זיבן זענען געווען גוטע געהאַנגענע, ווער מער, ווער ווינציקער, — אָבער גוטע.

יידל דובינסקי (מישקאַ ציגאַנאָק), אַ געהאַנגענער פון ערשטן ראַנג: גרויס, וואונדערבאַר, עכט, לעבעדיק אַפילו פאַר דער תּליה.

וואָלף גאָלדפאַדען (וואַסילי קאַשירין), אומפאַרגעסלעך, ריין אין גרים און אין האַלטונג. אַזאַ גרים בלייבט אין זכּרון (אויב מען ברענגט נאָר אַזאַ אין טעאַטער).

לעאָניד סניעגאָוו (ווערנער), אויסגעהאַלטן, ערנסט, טאַקטיש, באַוואוסטזיניק גוט, זיך זעלבסט-רעזשיסירנדיק גוט.

מאַרק שווייד (איוואַן יאַנסאָן), אויסגעצייכנט, געשטאַלטיק. ער שרייט בלויז צו הויך זיין פראַזע: „מיך דאַרף מען נישט הענגען".

אליהו טענענהאָלץ (סערגעי גאָלאָווין), גראָטן, זייער געראָטן אין גרים און אויפפאַסונג, לויבנסווערט.

אסתּר סניעגאָוו (מוסיאַ), באַחנט איינגעהאַלטן.

טאָניאַ קאָוואַלטשיק (בערטא גערסטין), ליב, א. אַז. וו. א. אַז. וו.

אין „די זיבן געהאָנגענע" איז דאָ אַ ז י ב ן - א י י נ י ק י י ט.

סניעגאָוון, דעם רעזשיסאָר, איז געלונגען צו פאַרייניקן אַלע זיבן און פלעצערווייז מאַכן פון זיי איין טאַלאַנטפול-שפּילנדיקן שויּ-שפּילער, און דאָס איז זיין פאַרדינסט.

חוץ די זיבן געהאָנגענע, איז דאָ נאָך איינער אין אַנדרייעווס דראַמע, נישט אויף דער תּליה, נאָר אויפן דיל — פון אַפּאָפּלעקסיע.

שפּילט אים איזידאָר קעשיר. איז קומט אים אויך געהאָנגען צו ווערן מיט די איבעריקע זיבן — אין מיין לויב-ריי.

איזידאָר קעשיר האָט זיין ראָלע א ו י ס ג ע אָ ט ע מ ט, פול מיט קראַפט און פאַרשטענדעניש, ערנסט ביז דער לעצטער מינוט.

אין שפּייען ליגט כאַראַקטער. יעדער מענטש שפּייט אַנ-דערש. מען קען פאַר אַ שפּיי אַמאָל באַצאָלן שטראָף, און אַמאָל זיך קונה שם זיין.

דובינסקי האָט געטאָן דאָס לעצטע. זיין שפּיי מוז מען גע-דענקען. אין אים ליגט די גאַנצע פרייהייט פון באָסיאַק, דער פּראָטעסט פון אַן אַרויסגעשטויסענעם פון דער געזעלשאַפט.

ער שפּייט מאָדנע, אָן אַ זייט, אָבער ביי אים איז עס נישט קיין זייטיקע זאַך. ס'איז דער עיקר.

אויך קומט דובינסקין אַ קאָמפּלימענט פאַר אַרויסזאָגן זיין „ריכטיק". איר פילט דערין דעם טעם פון רוסישן „וויערנאָ", און איבערגעבן דעם טעם פון איין שפּראַך אין דער צווייטער — איז אַ גרויסער ענין.

# „שבתי צבי.״

(דראמע אין 4 אקטן, 5 בילדער, פון י. זשולאַווסקי, אין יידישן קונסט-טעאַטער).

— אַלע זענען יונג אין אַ ספּעקטאַקל
אַפּילו זקנים: אַלע זענען שיין אין אַ
ספּעקטאַקל — אַפּילו קאַליקעס.
(פריי נאָך יעווריעינאָוו).

דער גוי זשולאַווסקי האָט אויף זיך גענומען זייער אַ שווערע אויפגאַבע צו געבן אַ יידישן משיח. און דער ייד מאָריס שוואַרץ האָט אויף זיך גענומען נאָך אַ שווערערע אַרבעט צו פאַרשטעלן אַ יידישן משיח געשריבן פון אַ גוי.

זשולאַווסקין האָט זיך עס איינגעגעבן. זיין „שבתי צבי״ איז אַרויסגעקומען אַ הערלעכע געשטאַלט. זשולאַווסקי האָט אַראָפּגענומען פון שבתי דעם פלעק: „פ אַ ל ש ע ר״. עס איז אפשר קעגן דער געשיכטע און קעגן דער אָנגענומענער יידישער מיינונג וועגן פאַלשע משיחים, עס איז אָבער הערלעך און מענטשלעך.

מאָריס שוואַרצן האָט זיך אויך איינגעגעבן, אָבער בלויז א י ן א י י ן ה ע ל פ ט, אין דער ספּעקטאַקל-זייט פון „שבתי צבי״.

„שבתי צבי״ — דאָס איז דער שענסטער, גרעסטער און קינסטלערישסטער ספּעקטאַקל, וואָס איך האָב ווען געזען אויף דער יידישער בינע. מיט מער פּאָעזיע אין פאַרנעם אַפילו ווי „דער דבוק״. די מאַסן-סצענעס אין אַלע אַקטן זענען אַרויסגעקומען טאַקע מאַסאָווע, אימפּאָזאַנט און טאַקע מיט אַ סך מענטשן און אַ סך שוואונג. די מלבושים גוט געשניידערט, די בערד גוט געבאָרדט, דער באַלעט

טאַקע באַלעטן-מעסיק, די מוזיק טאַקע אָרקעסטער-מעסיק, די דונערן כמעט, ווי אמתע דונערן... און די דעקאָראַציעס — פון אַ פיינער קינסטלער-האַנט געמאַכט.

— איך וויל, איר זאָלט שענקען די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט אויף מיינע וואָלקנס, — האָט זיך צו מיר אָנגערופן סעם אָסטראָווסקי, דער בעל-הדעקאָראַציעס.

— גוט, — האָב איך אים געענטפערט. גאָטס וואָלקנס קען איך, געזען טאָמאַשעווסקיס אויך, איצט וועל איך זען, וואָס אָסט-ראָווסקי קען...

און איך האָב געזען. אמת, דער מאַן קען. זיינע וואָלקנס קענען קאָנקורירן מיט די בעסטע הימלישע וואָלקנס...

און אויב מען זאָל באַשולדיקן אין אַלץ דעם רעזשי-כאָר, דאַרף מען זאָגן, אַז שוואַרץ האָט די זומער-מאַנאַטן, אפּנים, ווינציק וואָס געשוואומען אין ים, אָבער דערפאַר אַ סך געשוויצט אַלס רעזשיסער און אויפפירער. הכלל דער מאַן וואַקסט אַ יידישער ריינהאַרדט.

אָבער דערפאַר קאָן איך עס נישט זאָגן אויך בנוגע דער העלדן-זייט פון „שבתי צבי".

„שבתי צבי" איז אַ גרויסע שווערע ראָלע אַפילו פאַר ברייטערע פּלייצעס, ווי מאָריס שוואַרצס. שוואַרץ פּאַסט זיך פאַר דער ראָלע קערפּערלעך. אויך זיין גרים איז אפשר גוט. זיין „שבתי צבי" איז ווירדיק און נביאיש אין אגיסזען—אָבער זיינע גייסטיקע פּלייצעס זענען אַ קאַפּיטשקע נאָך צו שוואַך צו אויסהאַלטן אויף זיך אַ שבתי צבי. שוואַרץ מוז זיך נאָך אַ היבש ביסל אויפהייבן און פאַרגייסטיקן שוואַרצן, אום עס זאָל אַרויס די אמתע געשטאַלט פון אַ שבתי.

שוואַרץ האָט זיך אויסגעלערנט שטיין אויף איין אָרט, מימיזירן, פּאַנטאָמימירן, שפּילן אין האַלבע טענער — דאָס איז פאָרשריט, ווייל בכלל קענען אונזערע שוישפּילער נישט איינשטיין אויף אַן אָרט. זיי באַוועגן זיך דאָרט, וואו מען דאַרף נישט, און אַזוי ווי די יוניע פאַרבאָט זיי עס נישט, — טוען זיי עס. אין אַלגעמיין קענען נאָך ביי אונז ווינציק אַקטיאָרן די קונסט פון שטיין, ווי אַ מענטש, שווייגן און נישט דערעדן. שוואַרץ איז שוין אויפן וועג... און הלוואַי וואָלט זשולאַווסקי פאַר אים געשריבן אַ שבתי צבי — אַ „שטומען משיח" וואָלט עס געווען שוואַרצס בעסטע ראָלע. די צרה איז, וואָס שוואַרץ דאַרף רעדן אויך אין דער דראַמע. און ווען ער רעדט — רעדט

ער אפשר געגוּג און איבערגעגוּג, אָבער נישט געגוּג פאַר אַ משיח־און הויפּטזעכלעך נישט איבערצייגנדיק געגוּג, נישט דורכגעקעבט געגוּג.

אַי, די רייד, די רייד! דאָס איז תּמיד אַ הריגה פאַר אונזערע „סטאַרס״. שוין בעסער איז, ווען זיי זינגען...

אַ „שבתי צבי״־מאָנאָלאָג איז נישט קיין דרשה פאַר אַן עולם. עס מוז קומען אַ ביסל טיפער, ווי פון אַרבל...

שוואַרץ וועט מוזן לייטערן זיין גייסט, פאַרטיפן זיינע רייד, כדי ער זאָל זיך דערהייבן און אויך דעם עולם צו זשולאַווסקיס משיח־געשטאַלט...

און נאָך שוואַרצן קומט נישט קיין גלעט איבערן בעקל אויך אונזער מאַדאַם אסתּר סאָניעגאָווא.

אויב שוואַרצס שבתי צבי איז נישט ג ײ ס ט י ק גענוג, איז שרה סאָניעגאָווא, פאַרקערט, נישט ק ע ר פּ ע ר ל ע ך גענוג.

זשולאַווסקי האָט געוואָלט מיט דער געשטאַלט פון שרה באַווייזן, וויאַזוי דער פרויען־קערפּער באַזיגט אַפילו אַ משיח־גייסט, וויאַזוי דער שלאָפצימער איז שטאַרקער פון אַלע אינסטיטוציעס, אַפילו פון אַ משיח־אינסטיטוציע.

סאָניעגאָווא האָט עס נאָך נישט באַוויזן.

זי איז צו ווייניק דלילה. צו ווייניק פאַרפירעריש. צו ווייניק ליידנשאַפטלעך. צו ווייניק פרוי פון שלאָפצימער. און אויב נישט קיין משיח־פאַרגעטערין און נישט קיין „נקבה״, איז וואָס איז זי אין דער ראָלע?

איר שפּיל האָט נאָר אין אַ פּאָר מאָמענטן געוויזן, וואָס אַ זשולאַווסקיס שרה דאַרף זיין...

אמת גוט און אויסגעהאַלטן זענען נאָר געווען אירע צעפּ. אָבער אַ דלילה, וואָס האַלט זיך בלויז אויף די צעפּ, איז נישט גענוג שטאַרק.

פון די אַנדערע אָנגעזעענע ראָלן האָט מאַרק שווייד זיך מער אויסגעצייכנט פון אַלעמען.

ער שפּילט גאָר אַ נישקשהדיקן סולטאַן. אַ טיראַן—אַ שוואַפּלינג. אַן אידיאָט אויף אַ טראָן.

בכלל האָט זיך ש ו וי י ד אַ ר ו י פ ג ע אַ ר ב ע ט, אַרויפגעשטיגן אויף אַ טראָן, געוואָרן אַ סולטאַן, פאַר וועלכן מיידלעך טאַנצן און טערקען קניען.

און אַפילו שוואַרץ — שבתי צבי מוז פאַר אים זיך ענדלעך בויגן.

דאָס איז אַ שטיקל נקמה אָן „באַלעבאָס", בלויז אַ בינע-נקמה, אָבער דאָך אַ נקמה... און יעדע נקמה איז בעסער, ווי גאָרנישט...

נאָך שווידן האָט זיך „געלאָזט הערן" יוליוס אַדלער אַלס נתן הנביא. זיין שטים איז בעסער און איינפלוסרייכער פון אַ צוויי צענדליק „שטימען פון פאָלק"...

פון די איבעריקע קען מען קוים אַרויסנעמען פון דער מאַסע: אליהו טענענהאָלץ, ד. זיידענבערג, וואָלף גאָלדפאַדען — און אפשר אויך צום טייל אַ פּאָר פון די מקובלים און תלמודיסטן. די איבעריקע האָבן זיך צוזאַמענגעפּלאָנטערט אין איין גרויסן באָרד-פּלאָנטער, ווי אויף אַ „מזרחי"-קאָנווענשאָן אין צייט, ווען אַלע שפּרינגען אויף און בעטן דאָס וואָרט...

די איבערזעצונג איז גוט. נאָר מער נישט, איך ווייס נישט, וועמען זאָל מען צושרייבן די קבלה-ווערטער — צי משה כץ, צי יואל ענטין, אָדער גאָר זינגערן?

רעזומע: יידישע קינדער! גייט זען, וואָס אַ גוי האָט געמאַכט פון אַ יידישן משיח! און באַוואונדערט אַן ערל, וואָס קען קבלה כמעט אַזויפיל, ווי ש. צ. זעצער!

## „ב ע ט ל ע ר".

(דראַמע אין 4 אַקטן פון ה. לייוויק, אין יידישן קונסט-טעאַטער).

איך וויל געבן צוויי מינים קריטיק אויף לייוויקס „בעטלער": ווי איך זע און ווי, למשל, ש. ניגער וועט עס מן הסתם זען.

עמעצער פון אונז האָט דאָך אַ טעות. און זאָל דער לעזער אויסקלויבן.

### ווי איך זע:

בעטלער קאָנען זיין אָדער ס י מ ב אָ ל ן, אָדער פּשוטע בעטלער.

שרייבן פון בעטלער-לעבן קאָן מען אָדער סימבאָליש און דאַן דאַרף עס זיין וואָס ווייטער אוּן העכער פון לעבן, פון רעאַליזם, פון סביבה, פון באָדן, אָדער מען קאָן עס שרייבן רעאַליסטיש און דאַן מוז עס זיין פון אַ סביבה.

ביי לייוויקן איז עס נישט דאָס און נישט דאָס: צו סימבאָליזם און אַלעגאָרישע געשטאַלטן—נישט ד ע ר וו אַ ק ס ן, פאַר רעאַליזם און סביבה-העלדן – נישט א ר יי נ ג ע וו אַ ק ס ן.

לייוויק דרייט זיך צווישן רעאַליזם און סימבאָליזם. אין די לידער זיינע איז עס אויך אַ חסרון, אָבער אין אַ דראַמע איז עס מער ווי אַ חסרון.

ס'איז אַן אָנשיקעניש.

לייוויקס פעלער איז, וואָס ער הייבט אָן אַ זאַך, ווי אַ רעאַליסט, ווי אַ מענטש מיט אַ ניכטער אויג און ערשט, ווען ער קאָן נישט דערפירן צו אַ פּונקט, צו אַ תכלית, גיט ער זיך אַ שטעל אַוועק און גיט אַ געשריי: סימבאָלן, קומט אַרויס!

לייוויקס שוואַכקייט איז, וואָס ער באַהאַלט זיין שוואַכקייט אונטער די שטאַרקע פּלייצעס פון סימבאָלן.

ער פאַבריצירט סימבאָלן, כדי צו באַהאַלטן זיין מאַנגל אין לעבנס-חוש, אין שוואונג, אין געדאַנק.

אַ סימבאָלישע פּיעסע פון בעטלער-לעבן קאָן מען שאַפן: בעטלער זענען אַ טעמע פאַר סימבאָלן, סימבאָליזם — אַ מלבוש פאַר אָפּגעריסענע בעטלער-העלדן. אָבער שאַפן אַ בעטלער-פּיעסע אויף אַ קאַנווע פון רעאַליזם, און נאָך אַמעריקאַנער רעאַליזם, מוז נישט גע-לינגען.

אין ניו-יאָרק, אין אַמעריקע, אין אַ סביבה פון גרויס-שטאָטיקייט, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזעלכע סימבאָלישע „בעטלער".

דאָס האָט מען געקאָנט מאַכן מיט בעטלער ערגעץ אונטערוועגס, אין דער ליטע.

דאָרט, אין יענע יאָרן פון מענדעלע מוכר-ספרימס „פישקע דער קרומער", איז געווען די ריכטיקע סביבה פאַר אַזעלכע בעטלער... דאָרט האָבן אפשר געקאָנט זיין בעטלער למד-וואָווניקעס, בעטלער מיט גרויסע גייסטער... צדיקים אַפילו...

אָבער דאָ, אין דער אמעריקאַנער סביבה — קאָנען זיי נאָר זיין אָדער בעטלער, אמתע קריפּלס, ערשט-קלאַסיקע קאַליקעס — אָדער שווינדלער...

דאָ, אין דער סביבה פון „קאָרנער" און „אַפּאַרדען", קענען זיך נישט אָפּשפּילן אַזעלכע זאַכן, ווי אין לייוויקס „בעטלער".

איז וואָס-זשע דען? נישט קיין סימבאָליזם, גלאַט בעטלער, גלאַט אַ „מלך", גלאַט אַ חיים, גלאַט אַ זרח, גלאַט אַ טויב-שטומער! — טויג עס ווידער נישט...

ווייל, רעאַליסטיש גענומען, איז עס שרעקלעך פאַלש, איז די גאַנצע זאַך א שלעכט אויסגעטראַכטע און צוגעטראַכטע. נישטאָ אַזאַ פירער פון די בעטלער, ווי דער „מלך". מלך האָט געדאַרפט זיין מער כוואַט, כאָטשבי אַ העלד פון אָפּאַטאָשוס „אונטער-וועלט". לויט לייוויקן אָבער איז ער אַ קנאַפּער העלד, נאָר צום לעצטן גאָר אַ מין קאָצקער רבי. זיין ליבע צו „יעטען" קען מען נאָך פאַרטייטשן, כאָטש דאָס איז אומגלויבלעך פון אַ צווייטער זייט, ווייל ווי קומט יעטע אַהער אין קעלער? אַזאַ שיינהייט אין אַמעריקע דאַרף נישט גיין זוכן קיין קעלערס און בעטלער. עס זענען דאָ קאַבאַרעטן און

מואוויס!.. אָבער, מילא, זי איז שוין דאָ, פאַרפאַלן!.. אַזוי וויל לייוויק!.. אָבער מלכּס פאַרשליסן זיך אין צימער אַ וואָך נאָך זיין חתונה מיט יעטען—איז פּשוט אוממעגלעך. נישט אַזאַ פאַרשליסט זיך... און גלאַט נעמען פאַרשליסן אַ יידן — איז אַן עוולה!

און חיים? — ער איז אַ טשעפּוכאַ!.. אַ סטודענט זיצט ביי זיין טאַטן. וואָס זיצט ער? ווען זיין טאַטע, דער מאַכער פון בעטלער-טראַסט, איז כאַטש אַ יידּ, וואָס לעבט פאַר זיך רייך און זיין זון קריגט ביי אים לוקסוס — וואָלט עס געווען פאַרשטענדלעך; אָבער זיצן אין אַזאַ גרויסער שטאָט, ווי ניו-יאָרק, למשל, ביי אַ טאַטן אַ שרעקלעך קאַרגן, אין אַ קעלער, צו וואָס? און ווען ער איז אַ אידיאָט, אַ פאַרשטויסענער פון דער געזעלשאַפט, וואָלט מען עס געקענט פאַרשטיין — אָבער דער בחור איז אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, כּמעט אַ סטודענט, איז וואָס-זשע ליגט ער אין קעלער?... האַ?

און גלאַט אַוועקלייגן אַ בחור אין אַ קעלער איז אויך נישט פיין פון אייער זייט, פריינט לייוויק!

און חוץ די אַלע „ווילדקייטן" און נישט געשטויגן-געפלויגנקייטן, איז עס גלאַט נישט אינטערעסאַנט.

ווען מען גייט אָן די טראַגעדיע פון די בעטלער?

וואו איז דאָ דער פונקט פון דער דראַמע? וואו איז דער הויפּט-געדאַנק? פון אַזעלכע בעטלער האָט מען געקענט בלויז מאַכן אַ קאָמעדיע. און פון אָנהייב איז עס טאַקע אַ קאָמעדיע און דער עולם לאַכט, ווען ער זעט, ווי חברה בעטלער נאַרט אים אָפּ, אָבער נאָכדעם, ווען עס ווערט טראַגעדיע — לאַכט אויך דער עולם, ווייל דער עולם האָט נישט קיין סימפּאַטיע נישט צו מלכן, נישט צו יעטען, נישט צו חיימען... ווייל לייוויק האָט זיי נישט געקענט מאַכן סימפּאַטיש; זיי זענען נישט קיין לעבעדיקע מענטשן!..

אָי, למד-וואָווניקעס?

איז זאָגן למד-וואָווניקעס אַליין — נישט גענוג. מען דאַרף עס איבערצייגן, מען זאָל גלויבן... אין די בעטלערישע לייוויקס למד-וואָווניקעס גלויבט מען נישט.

לייוויק האָט זיך געמיט, געזוכט סענסאַציעס, עפעקטן: בעטלער, למד-וואָווניקעס, טויב-שטומע רעוואָלוציאָנערן, אפשר שטומע משיחים? אַ בעטלער, וואָס לאָזט שטאַרבן זיין ווייב, האָט חתונה מיט אַ יונג מיידל, שליסט זיך נאָכדעם אָפּ ווי אַ „גוטער ייד" און

שטאַרבט צום סוף פון האַרצשלאַג א. אַז. וו. — אָבער עס העלפט נישט...

און אויך די „רעוואָלוציע" אין דער בעטלער-מלוכה העלפט נישט, זי איז אַזוי „שטאַרק", ווי די רעוואָלוציע פון „מיטן ווילן פון פאָלק", וואָס די קאָמוניסטן האָבן אַנומלט געשטעלט אין „אוירוווינג פּלייס טעאַטער", פון יענע רעוואָלוציעס!..

און אויך די מאַסן-סצענעס האָבן קיין ווירקונג נישט. מען איז שוין די לעצטע צייט געוויינט געוואָרן ביי אונז צו מאַסן-סצענעס, מען שרעקט מער נישט איבער...

און, סתם, וואָס וויל לייוויק פון די אָרעמע בעטלער? צו וואָס שאַדן זיי די ביזנעס?

לייוויק האָט אָנגעשריבן פאַראיאָרן אַ דראַמע „אַנדערש", האָט ער דאָרט געוואָלט צעטיילן אַ קראָם, זענען די קרעמער נישט גע-קומען אין טעאַטער צוליב פּראָטעסט און די דראַמע איז אַרונטער.

איצט האָט ער זיך מיישב געווען, ער וועט זיך גאָר נעמען קאַליע מאַכן די געשעפטן פון די קאַליקעס, און וואָס מיינט איר, די בעטלער וועלן שווייגן? זיי וועלן אויך נישט קומען אין טעאַטער.

רעזומע: גאָרקי האָט זיינע העלדן פון „נאַ דניע" געקענט, געזען, און דערפאַר זענען זיי אַרויסגעקומען מענטשן. אָבער לייוויק האָט געזען פאַרביילויפנדיק אַמאָל אַ קאַליקע ביים „על", צי אין אַ וועגעלע אויף קאָנעל סטריט — און ס'איז אַרויסגעקומען אַ קאַליקע ווערק און נישט קיין דראַמע וועגן קאַליקעס...

אָבער דאָך גלויב איך, אַז מען קען די בעטלער נאָך ראַטעווען. מען קען מאַכן דערפון אַן אָפּערעטע, צוגעבן מוזיק... די בעטלער זאָלן שפּילן: איינער אויף אַ קלאַרנעט, איינער אויף אַ האַרמאָניקע, איינער אויף אַ שפּילקאַסטן, וועט דער עולם אפשר קענען זען.

אָט אַזוי זע איך עס!

# ווי ש. ניגער וועט דאָס זען:

לייוויק איז אַן „עלדאראדא" פאַר
ציטאַטן-זוכער, פסוקים-קוועטשער,
אויסטייטשער און אַריינטייטשער.

לייוויקס בעטלער איז אַ גרויס ווערק, נאָך גרעסער, ווי דער „גולם".

סימבאָליש-גרויס.

די בעטלער-מלוכה — אונזער אַלעמענס מלוכה.

די למד-וואָווניקעס — אַלע מענטשן פון דער וועלט.

בעטלער און קאַליקעס—מ י ר אַלע.

„מלך" — אַ גרויסע סימבאָלישע געשטאַלט, נאָכן קאַצקער און בעל שם די גרעסטע ביי יידן.

דער טויב-שטומער — די רעוואָלוציע, וואָס ברענט אָן ווערטער, וואָס פלאַקערט אָן רייד; דער געוויסן פון דער מענטשהייט.

זרחס געלעכטער — דאָס געלעכטער פון בלינדן שיקזאַל אויף אונזערע מעשים.

דער קעלער — דער אייביקער אָפגרונט פון דאזיין.

דער אונטערן בריק — אונזער שפלות.

יעטע — די פאַרשטויסענע ליבע, נעבעך.

חיים — די אמת-זוכעריי און גאָט-זוכעריי אונזערע. און דער-הויפּט דאָס פייגעלע פון דער מומע הינדע! אַי, דאָס פייגעלע! דאָס איז אונזער נשמה אין שטייגעלע, וועלכע ווערט דערהרגעט אין אונ-זערע וואָכעדיקע קאַמפן!..

ה. לייוויק האָט געשאַפן נישט קיין דראַמע, נאָר אַ מאָנומענט פאַרן יידישן פאָלק. און ווי זאָגט דר. מוקדוני: ס'איז „אַ וועלט אין אַ טראָפּן וואַסער"...

# „די הויפּטזאַך.“

(פאַר וועמען א קאָמעדיע — פאַר וועמען א דראַמע, פון ניקאָלאַי יעווריעינאָוו, יידיש פון מ. אַשעראָוויטש. רעזשי פון וולאַדימיר וויסקאָווסקי, אין אורווינג פּלייס טעאַטער).

„מיין אידעאל איז—אָנקליידן דאָס
לעבן אין יום־טובדיקע קליידער,
ווערן דער שניידער פון איר
מאַיעסטעט מאַדאַם־לעבן“.
(פון יעווריעינאָווס טעאַטראַלישע חידושים“).

מיך אַרט נישט, וואָס יעווריעינאָוו, דער דערפינדער פון טעאַטראַלישקייט, איז אויסן געוועזן מיט זיין „הויפּטזאַך“. געוויס איז ער אויסן געוועזן צו ווייזן זיין טעאָריע „טעאַטראַלישקייט“. פאַר יעווריעינאָוון איז דאָס די „הויפּטזאַך“ דער פירוש אויף זיין „תורה“, אַז דער טעאַטער טאָר נישט זיין רעאַליסטיש, נאָר בלויז שפּיל, ליגן און אילוזיע, און שיינער שפּיל, און שיינער ליגן, און שיינע אילוזיע: זאָג מיר אַ ליגן, אַבי ער זאָל זיין שיין! פאַרשפּיל מיך, אַבי איך זאָל נישט פילן די מיאוסע ווירקלעכקייט! ווי געזאָגט, מיך אַרט עס נישט. מעגלעך, אַז ער איז גערעכט. און אפשר נישט. פאַר מיר איז די הויפּטזאַך דאָס, וואָס „הויפּטזאַך“ איז גלאַט אַ גרויס־אַרטיקע זאַך. טעאָריע אַהער — טעאָריע אַהין, פּריינט מוקדוני, אַ דראַמע מוז זיין, ראשית כּל, אַ גוטע, אַפילו ווען מען וויקלט זי נישט איין אין אַ „שלייער“...

יעווריעינאָווס „הויפּטזאַך“ איז ניי און שיין פאַרטראַכט, קלוג — און דאָך נישט לאַנגווייליק, מיט אַן אידעע — און דאָך שפּי־

לעוודיק, אָפּערעטע־מעסיק און דאָך אַפילו פול מיט סימבאָלן. קען מען דען אין דער קאָרטן־וואַרפערקע, די סאָווע, דאָס הינטעלע, די קנוילן מיט גירליאַנדן, און אַפילו אין דער שרייב־מאַשין נישט אַריינטייטשן אַ קאָמפּעטשקע סימבאָליזם? מ׳דאַרף נאָר וועלן!

און דאָך, מיט די אַלע גליקן — איז עס גוט אָן דעם אויך.

אויב איר ווילט, איז די „הויפּטזאַך" אַ פאַרנעפּלטע זאַך, און דאָך אַזאַ קלאָרע, אַ גרויס־אידעעדיק ווערק, און דאָך קען עס אַפילו זיין אַ שפּיל פאַר קינדער. אויך זיי קענען עס פאַרשטיין... (אויס־באַמען: אַזעלכע איבערגעפּירטע קינדער, ווי ליליפּוט און גראָסמאַן).

יעווריעינאָוו האָט אין זיין קאָמעדיע־דראַמע געוויזן דעם פּלאָ־טער פון לעבן: לעבן איז טעאַטער. און ער האָט עס באַוויזן אויף דער בינע.

יעווריעינאָוו האָט גענומען אין „הויפּטזאַך" דעם טעאַטער און אים אומגעקערט צו שפּילעוודיקייט, אַרונטערגענומען פון אים די רעאַליסטישע שווערקייט און געמאַכט פון אים אַ קאַרנאַוואַל, אַ לייכטזין, אַ שיינעם ליגן.

און ס׳איז אים געלונגען.

אייגנטלעך, איז „הויפּטזאַך" פאַר מיר אַ מין מאָליער־קאָמעדיע: מאָליערס שפּילעוודיקייט, מאָליערס פּראָבלעמאַטישקייט און דאָך גרינג־קייט. דראַמאַטיש־וואָגיק — און דאָך לייכטזיניק — אָבער דאָס אַרט מיך ווידער נישט.

זאָל מען זיך אומקערן פון מיינעטוועגן צו מאָליערן—אַבי מען זאָל שרייבן גוטע פּיעסן!

דער הויפּט־העלד, פון „הויפּטזאַך", אַ דאָקטאָר (מן הסתם יעווריעינאָוו אַליין, דער מעדיקער פון נייער טעאַטער), האָט אַן אידעע־פיקס: פאַרגרינגערן דאָס מענטשלעכע לעבן דורך נאַרעריי, געבן מענטשן גליק דורך אַ שיינעם ליגן. נו, פאַרשטעלט ער זיך פאַר אַ קאָרטנוואַרפערקע.

צו וואָס? ראשית, כּדי וולאַדימיר גראָסמאַנען זאָל עס נישט געפעלן... צווייטנס, כּדי אויסצוגעפינען די סודות פון די מענטשן, וועלכע ער האָט געוואָלט קורירן מיט זיין שפּיל... דריטנס, ווייל קאָרטנוואַרפן איז אויך אַ שפּיל, אַן אילוזיע, אַ נאַרעריי, און דאָס איז אויך „טעאַטער אין לעבן."

דאָס קאָרטן וואַרפן פאַרנעמט אַ גאַנצן אַקט אין „הויפּט-זאַך", — אָבער דאָס איז דאָך נישט די הויפּטזאַך.

און אַפילו דער צווייטער אַקט איז עס נאָך אויך נישט. דאָרט ווייזט יעווריעינאָוו די מיאוסקייט פון דעם נאַקעטן רעאַליזם אויף דער בינע און ער לאַכט אים אויס, — דאָס איז פאַר יעווריעינאָוון וויכטיק — אָבער פאַר אונז נישט.

די „הויפּטזאַך" פאַר אונז, פּשוטע מענטשן, הייבט זיך אָן אין דריטן אַקט, אין די מעבלירטע צימערן. דאָרט זעען מיר, ווי די געדונגענע אַקטיאָרן פון דר. פּראַגנעלי אַרבעטן אויף דער בינע פון לעבן, פירן דורך זייערע ראָלן.

דאָ איז די „הויפּטזאַך" הויפּטזעכלעך גרויס אין פאַרנעם און שפּיל.

דאָ זעען מיר דעם אַקטיאָר, וועלכער שפּילט דעם ליבהאָבער, ווי ער שפּילט זיין ראָלע מיט דער לעבנס-פאַרזויערטער סטענאָגראַפיסטין; די טענצערקע, וואָס דינסטמיידלט מיט דעם סטודענט, וועלכער האָט שוין איינמאָל געמאַכט אַ פּאַרזוך אויף זעלבסטמאָרד און דעם קאָמיקער פאַרשטעלט אַלס דאָקטאָר, ווי ער היילט צוויי „קראַנקע" מיטאַמאָל: דעם רעגירונגס-באַאַמטן און די לערערין.

אין דעם אַקט ליגט די גאַנצע אידעע פון דער קאָמעדיע-דראַמע. דער שיינער פּלאָנטער פון לעבן אין טעאַטער און טעאַטער אין לעבן. די מאָדנעקייט פון דער לאַגע פון אַקטיאָרן, וועלכע שפּילן טעאַטער מיט געוויינלעכע מענטשן, מיט אַזאַ מאָדנעם אַנסאַמבל!

דאָ איז די אילוזיע אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז מען ווייס נישט, וואו איז טעאַטער און וואו איז לעבן, און אָפט דאַכט זיך, אַז די אמתע אַקטיאָרן זענען גאָר די נישט-אַקטיאָרן!

אָבער טאַקע דאָסדאָזיקע נישט וויסן, דערדאָזיקער גירליאַנדע-קנויל פון שיינעם ליגן ברענגט גליק.

ווייל גליק איז נאָר אין מאַסקן-שפּיל, אין דעם נישט וויסן, וואו ס'ליגט דאָס שפּיל און וואו די ווירקלעכקייט.

יעווריעינאָוו האָט אין דעם אַקט אויך געשטעלט די שוישפּילער אויף דער מדרגה פון באַרמהאַרציקע שוועסטער. ער וויל מאַכן פון טעאַטער אַ גרויס-מענטשלעכן ענין, און מיט דעם געבן אַ נייעם פּנים דעם לעבן...

און שיין איז אויך דער 4-טער אַקט, ווען דאָס שפּיל מוז קומען

צום ענד נאָכן קאָנטראַקט פון די אַקטיאָרן מיט דעם דאָקטאָר פּראַג־נעלי. יעוורעינאָוו האָט געקענט ענדיקן מיטן דריטן אַקט, אָבער דאַן וואָלט עס געווען בלויז אידיליע. יעוורעינאָוו האָט געוואָלט ווייזן אויך אַ שטיקל פּנים פון דער מיאוסערווירקלעכקייט, כּדי אים נאָכדעם ווידער צו קענען פאַרדעקן.

ביי יעוורעינאָוון מוז אַלצאיינס די אילוזיע זיגן. איז האָט ער קיין מורא נישט פאַרן 4-טן אַקט. האָט ער קיין מורא נישט, אַז דער מיאוסער אמת פון לעבן זאָל אויף אַ ווײַלע פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון שיינעם שקר. און יעוורעינאָוו האָט געוויזן אין דריטן אַקט, ווען עס מוז קומען צום סוף, און דער קאָמיקער, דער רעאַליסט, וויל עפענען די אויגן פון די פאַרשפּילטע „חולאים" און די לערערין, די „דאָגמע פון לעבן", ווי איך וואָלט זי גערופן, וויל צעשטערן דעם יום-טוב מיט סם — און דאָך האָט די אילוזיע געזיגט. אמת, מיט דער הילף פון אַ קאַרנאַוואַל, פון ליכט-עפעקטן און גירלאַנדן—אָבער זי האָט געזיגט.

און ווען דאָס שפּיל ענדיקט זיך, ווילט זיך אויסיובלען: הוראַ פאַר דעם שיינעם ליגן פון לעבן, פאַר דער ליבער נאַרעריי, פאַר דער מאַסקע און אילוזיע און פאַר די ליכטיקע פאַר שעה אין טעאַטער!

# דער „דבוק".

(דראַמאַטישע לעגענדע אין דריי אַקטן פֿון ש. אַנ—סקי, „ווילנער טרופּע", אין טאָמאַשעווסקיס בראָדוויי-טעאַטער).

„ביי אונז שפּילט מען טעאַטער — „די ווילנער"
שפּילן שטימונג."
(אַ מאַטאָ פֿאַר דער וואָך בלויז,
ווייטער — זאָל גאָט זאָרגן...).

איך שטעל איין דאָס לעבן און בין זיך מודה: איך האַלט נישט קיין סך פֿון „דבוק". האָב עס נישט איבעריק ליב. עס איז נישט קיין דראַמע. דער „דבוק" איז גוט פֿאַר „פּאַנטאָמימע", אָדער פֿאַר אַ קינאָ-געשיכטע, אָבער בשום אופן נישט גוט פֿאַר אַקטיאָרן. מען קען ווייזן אַלץ אין דער וועלט מיטן „דבוק": שטימען, לאַנגע הענט, שופרות, בערד, קיטלען, יידישקייט, אָבער נאָר נישט קיין שפּילעוודיקן שפּיל.

אָבער אויב שוין יאָ „דבוק", איז עס ווי די „ווילנער" שפּילן.

אַן אומגליקלעכע פּרנסה—טעאַטער-קריטיק, מען מוז מאַכן פֿאַר-גלייכונגען.

אונזער שוואַרץ האָט דעם דבוק געשטעלט מיט די פֿיס אויף דער ערד, פֿון אים געוואָלט מאַכן אַ לעבעדיק שטיק, איז אַרויס כמעט אַן אָפּערעטע... די ווילנער פֿירן עס אויף, ווי אַ טויטע לעגענדע. זיי שטעלן דעם „דבוק" מיטן קאָפּ אין הימל, און דער רעזולטאַט: דער עולם לאַנגווייליקט זיך, אָבער ס'איז פֿאָרט נענטער צום מקור... צו אַנ—סקין... צו דער לעגענדע...

וויילדיקער, שטימונגספולער, פאַרדבקעטער, זיך אַזויפיל צייט נעמענדי־קער, איז ווי געבוירן געוואָרן פאַרן „דבוק".

די ווילנער שפּילן נישט דעם „דבוק", נאָר פּראַווען סדר־דבוק... מיט אַ סך צערעמאָניעס, זשעסטן, סודות, רמזים און כוונות.

דער הויפּט־שטריך פון די „ווילנער" איז, וואָס זיי איילן זיך נישט. חברה האָט צייט. זיי ווילן נישט וויסן, וואָס עס מיינט „האַרי אַפּ". און איך האָב ליב מענטשן, וואָס איילן זיך נישט. ווייל מיין פילאָזאָפיע איז—נישט נאָר פאַר טעאַטער, נאָר אויך פאַרן לעבן: נישטאָ וואָס צו איילן זיך! יעדעס שפּיל, סיי אַ טעאַטער־שפּיל, סיי אַ ליבעס־שפּיל, סיי דאָס גאַנצע לעבנסשפּיל מוז זיך סיי ווי סיי ענדיקן. נישט געאיילט! ווייל דער פאָרהאַנג, ווי לאַנגזאַם ער זאָל נישט אויפגיין, ווי ביי די ווילנער, וועט ער זיך פאָרט מוזן אַרונטערלאָזן...

די „ווילנער" שפּילן יידיש טעאַטער, ווי זיי וואָלטן געשפּילט פאַר כינעזער.

זיי פאַרגעסן, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט ניו־יאָרקער יידן (אַ נערוועז פאָלק אַזאַ), וואָס „דאַרפן מאַכן" יעדן טאָג צוויי מאָל די קאר און די סאָבוויי...

יעדן טראָט פון אַ „ווילנער" זאָגט: יידן, מיר האָבן צייט!..

און אַז אַ „ווילנער" הייבט אָן אַרונטערלאָזן אַ פוס, זייט איר נישט זיכער, צי וועט ער דעם פוס אַרונטערלאָזן נאָך היינטיקע וואָך, צי גאָר די צוקונפטיקע...

אָבער גערעכט זענען די „ווילנער" און נישט די ניו־יאָרקער: ביים „דבוק", דערהויפּט, טאָר מען זיך נישט איילן. אַ לעגענדע איילט זיך נישט. אַ לעגענדע האָט צייט. אַ לעגענדע ציט זיך, ווי אַן אומ־גליקלעכע ליבע, און פ אַ ר צ י ט זיך, ווי אַ ליולקע־שיכור מיט זיין רויך...

אמת, דער ניו־יאָרקער עולם איז אומרויִק, און שרייט, אַז דאָס איז פאַר „איראָפּע" און נישט פאַר אַמעריקע! — אָבער וואָס איז דער „דבוק" אין דעם שולדיק?

אַן אומגליקלעכע פּרנסה—טעאַטער־קריטיק, מען מוז מאַכן פאַר־גלייכונגען!

שוואַרצס חנן איז נאָך אַ שטיקל מענטש, ער שפּילט אים אַקט־יאָריש, ווייל אין אים אַריינבלאָזן מאַנסבילדישן כּוח — אזראָס חנן איז

כולו ווייבעריש: באַלד שוין גאָר קיין מענטש נישט. ער רעדט מיט אַ ווייבערשער שטים, אָבער דערפאַר איז ער נענטער צום „דבוק"; אויך לאהלע-עלמית שרייט אַרויס ווייבעריש, ווען מען דאַרף שרייען מאַנסביליש...

סילי אַדלער שפּילט לאהלען מיט טאַלאַנט, מיט רויען טע-אַטראַלישן טאַלאַנט. דער דבוק שרייט פון איר אַרויס כמעט פּרימיטיוו.

עלמית שפּילט עס מיט — ב אַ צ י ו נ ג.

זי ב אַ צ י ט איר שפּילן פון דבקות-קוואַל, חוץ וואָס אויך פון טאַלאַנט-קוואַל.

סילי ר ע ד ט דעם „דבוק", עלמית — ז י נ ג ט אים אויס.

און אַזוי ווי דער „דבוק" געפעלט מיר נישט, אַלס שפּיל, איז כאָטש גוט, וואָס ער קען מיר געפעלן, אַלס געזאַנג, און אַ שטימע האָט עלמית אַ ליבע, אַ לירישע, אַ חיותדיקע.

שניאור, אַלס ר' עזריאל דער צדיק, איז אויך דבוקדיקער פון שוואַרצס עזריאל. שוואַרץ האָט דעם צדיק בלויז אויפגעכאַפּט, שניאור האָט אים געשאַפן.

נאָר נידער מיט די פאַרגלייכונגען! נאַכבוש, אַלס משולח, נעמי, אַלס די באָבע, זענען אויך אויסגעהאַלטן אין טאָן פון „דבוק", און אַזוי אויך די בטלנים.

קורץ גערעדט: „די ווילנער" קענען שפּילן „דבוק", אָבער דאָך איז עס נאָך קיין ראיה נישט פאַר זיי.

צו די, וואָס וועלן געוויס די „ליטוואַקעס" אַרונטעררייסן פאַר זייער שפּילן אין „דבוק", דאַרף מען זאָגן: כאָפּט-זשע נישט! לאָמיר זיי זען אין אַנדערע זאַכן, אין מער מענטשלעכע, געוויינלעכע, טע-אַטראַלישע זאַכן, ווי דער „דבוק".

מיר פאַלט אויך איין, אַז ווייל כמעט אַלע „ווילנער" האָבן גע-שמאַקע, זינגענדיקע שטימען, איז דערפאַר, אפנים, זענען זיי אַזוי געפעלן געוואָרן אב. קאהאנען, דעם געוועזענעם משורר און חזנים-פּרעס-אַגענט.

און צום סוף וויל איך נאָך עפּעס באַמערקן, אַז אייגנטלעך איז די פּרעמיערע-פאָרשטעלונג פון „דבוק" געווען אַ טאָפּלטע: חוץ די, וואָס די ווילנער האָבן געגעבן, האָט אויך די יידישע אינטעליגענץ פון ניו-יאָרק גלייכצייטיק געגעבן אַ הוסט-פאָרשטעלונג פאַר די „וויל-נער", עס האָט באַוויזן די ליטוואַקעס, וואָס מיר קענען באַווייזן אי ן

האָסטן... אַזוי קינסטלעריש־סימפּאָניש, מיט „פּאַרייניקטע יידישע געוואָרקשאַפטן״ כּוחות, ווי אונזער ביסל אינטעליגענץ האָט געהוסט ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג פון די ווילנער, האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט הוסטן.

אָפּט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אייגנטלעך איז בעיקר דער עולם געקומען נאָר אַהער זיך אויסהוסטן, נאָר דערביי שפּילן די „ווילנער״ אויך...

# „די צוויי קוני־לעמלס.“

(אין 4 אקטן פון א. גאָלדפאַדען, אין יידישן קונסט־טעאַטער).

אין בערלין גיט מען די לעצטע צייט אַרויס העברעיִשע ביכער. איז דאָס אַ מאָדנער מין ביכער: מען נעמט ספרים און מען מאַכט פון זיי ביכער, ווי: ר׳ נחמן בראַצלאַווער, „משנה תורה“, פון רמב״ם, „חובת הלבבות“, פון „רבונו בחיי“ און אַנדערע.

מען נעמט און מען ווישט אָפּ דעם שטויב פון די ספרים, מען נעמט אַרונטער די „זקנה“ פון די ספרים — און מען מאַכט זיי ניי. מען גיט זיי אַרויס, ווי ביכער, מיט שיינע מאָדערנע געמאָלענע שער־בלעטער, מיט מאָדערנע פאַררעדעס, קורץ: מען נעמט ספרים און מען „גרימירט“ זיי אין ביכער...

איז עס דאָך אויפן ערשטן אויגנבליק גוט און שיין.

ווייל אַ ספר איז אַ ספר — און אַ בוך איז אַ בוך.

און וואָס ס'איז גוט און ליב אין אַ ספר, איז נישט גוט און נישט ליב אין אַ בוך.

אַ ספר פּאַסט די אַלטקייט, דאָס טראַדיציע־העמד: די געלקייט. אַ ספר מוז האָבן אַן אַנדער געשטאַלט, ווי אַ בוך. ספרים זענען נישט קיין ליטעראַטור, און ווען מ'מאַכט דערפון אַ בוך, ווערט עס ליטעראַטור. און ווען מען נעמט קוקן אויף דעם „חובת הלבבות“ צי אַפילו אויף נחמן בראַצלאַווער, ווי אויף ליטעראַטור — איז עס שוואַך...

אָט אַזוי פיל איך, אַלנפאַלס, בנוגע דעמדאָזיקן ענין. און דאָס־זעלבע האָב איך געפילט, זיצנדיק אין „קונסט־טעאַטער“, ביי די „צוויי קוני־לעמלס“.

דאַכט זיך שיין, גרויסאַרטיקע דעקאָראַציעס (סעם אָסטראָווסקי איז אַ ייד, וואָס קאָן), אַ שיינע אויסשטאַטונג, אַלץ איז ניי און פריש, גיכער—באַנייט און אָפּגעפרישט — אַלץ סטיליזירט און פאַרשפּיצט, די אַקטיאָרן מיען זיך צו שפּילן ערנסט, מיט טאַלאַנט—שוואַרץ, שווייד, גאָלדפאַדען, גערסטין, מעלצער, דובינסקי, אַלע,—ווער מער און ווער ווייניקער—און דאָך זענען עס נישט קיין „קוני-לעמלס".

ווייל אַ ספר איז נישט קיין בוך... ווייל „קוני-לעמלס" קענען נישט ווערן קיין קונסט. פון „קוני-לעמלס" קען מען אפילו נישט מאַכן קיין אמתע קאָמעדיע: „קוני-לעמלס" מוז מען שפּילן, ווי די „קוני-לעמלס", ווי דעם אָנהייב פון אונזער טעאַטער, בינע-געשיכטע, טראַדיציע, שטויב, אַלטוואַרג און מען דאַרף עס שפּילן לויט דער טראַדיציע מיט דעם שטויב, אָדער—גאָרנישט שפּילן.

די „קוני-לעמלס" טאָר מען נישט בינדן מיט ראַפינירטקייט, מען טאָר נישט צוימען מיט סטיליזאַציע. אַ „קוני-לעמל" מוז זיך באַוועגן לויט זיין א ײ ג ע נ ע ם פ ר ײ ע ן ו י ל ן, קוני-לעמל מוז זיין פריי, אַקטיאָריש צעלאָזן, פאַרשייט, דאַן איז ער אין זיין סביבה...

אַ סטיליזירטער קוני-לעמל, מעג ער שמעקן מיט וואָס איר ווילט, אפילו מיט די בעסטע פאַרפומען פון פאַריז, איז ער נישט קיין קוני-לעמל, מוז ער אויסהויכן זיין אָטעם אויף דער בינע, און אפילו „האָצמאַך" אַליין קען אים נישט העלפן...

„די קוני-לעמלס" קענען נישט רעזשיסירט ווערן, נאָר געשטעלט ווערן, נישט „געקונסטעט", נאָר פשוט געשפּילט ווערן.

דער קוני-לעמל-שטאָף איז אַ צו לייכטער שטאָף, און אַז מען מאַכט עס שווער — הרגעט מען עס אַוועק מיט אַ לייכטן טויט...

דאַכט זיך קופּרין האָט ערגעץ אַ מעשהלע מיט אַ גרויסן דיכטער, אַ געוואַלדיקן טאַלאַנט, וועלכער האָט געלעבט זייער אומנאַ-טירלעך: געשיכורט, זיך געוואַלגערט אין פריטאָנען, שטענדיק גע-גאַנגען פאַרוואַקסן, שטענדיק געווען נישט אויסגעשלאָפן, און כאָטש פון צייט צו צייט פלעגט ער אַרויסוואַרפן פון זיך אַ גרויס ליד, האָט מען אויף אים געזאָגט: אַ פאַרלאָרענער מענטש! נישטאָ ווער עס זאָל אים נעמען אין די הענט אַריין!

נאָר אָט האָט גאָט געהאָלפן און ס'איז געקומען אַ רייכע דאַ-מע מיט אַ ווייך האַרץ, זיך פאַרליבט אין דעם פאַרלאָרענעם דיכטער

און זיך געזאָגט: איך מוז פון אים מאַכן אַ מענטשן! איך וועל אים געבן אַ היים, נישט לאָזן שיכּורן, אַרומרינגלען מיט ליבע און פיינ־קייט, און דאַן וועט זיין טאַלאַנט בליען, דאַן וועט זיין געניאַליטעט אָנהייבן שיינען, ווי אַ דימענט...

געזאָגט און געטאָן.

אָבער וואָס איז געווען דער סוף? — זייער אַ טרויעריקער: דער פּאָעט האָט טאַקע אָנגעהייבן אויסזען, ווי אַ מענטש, אויפגעהערט טרינקען, גוט זיך אויסגעשלאָפן, אויסגערוט, האָט אַפילו אָנגעהייבן קריגן אַ בייכל — אָבער איין קלייניקייט — שרייבן האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט... נישט געקאָנט מער...

און דאָסזעלבע איז מיט אברהם גאָלדפאַדען.

ער איז אַ גאון אין זיין סביבה, אין זיינע קליידער. אויף זיין שטייגער קען ער לעבן, אָבער נעמט אים אַרויס אין אַן אַנדער סביבה, באַפּוצט אים אַפילו מיט מלבושים נאָך דער לעצטער מאָדע — און ער איז גאָרנישט... ער לעבט נישט מער...

און איך פרעג: צו וואָס דאַרף מען עס?

## „די נבלה".

(דראמע אין 4 אקטן פון פרץ הירשביין, „ווילנער טרופּע", אין טאָמאַשעווסקיס בראָדוויי יידיש טעאַטער).

איצטער, נאָכדעם ווי איך האָב זיי געזען אין דער „נבלה", ווייס איך שוין, ווער זיי זענען. די מענטשן זענען גוטע יוניע-אַקטיאָרן, און מען קען פאָרשלאָגן אַריינצונעמען זיי אַלע 18, אין „בלאָק", אין דער אַקטיאָרן-יוניע.

אונטער די ברייט-לעגענדאַרישע פליַיצעס פון דעם „דבוק" קען זיך באַהאַלטן יעדער דריטער קלאַס אַקטיאָר. דער „דבוק" פאַרשרייט אַלץ מיט זיין גרויסער פאָלקס-שטימע, אָדער פאַרדעקט אַלץ און אַלעמען מיט זיין שטימונגס-קאַפּאָטע. מען קען זיך שיצן אונטערן שאָטן פון דער ריזיקער באַרג יידישקייט, וואָס אַנ—סקי האָט אָנגעבאַרגט, אָבער אין דער „נבלה" קען מען זען די ווילנער אָפּגעשונדענערהייט, טעאַטער-נאַקעט. און אַז מען הייבט אָן זען — איז שלעכט !...

איך האָב שוין איצט אָנגעטאַפּט די נשמה פון די „ווילנער", און איך קען שוין באַצייכענען זייער טאָן. זייער טאָן איז אַ געהייבענער, בעסער געזאָגט, אַן אויפגעהייבענער, אַן איבערגעשריענער.

די „ווילנער" האָבן שוין, הפנים, אַזאַ טבע, אַז אַלץ זאָלצן זיי איבער, שפּיקן איבער, פעפערן איבער, ווי מיין גוטע מאַמע, די ליטוויטשקע, די פיש אויף שבת... (אין ליטע מאַכט מען פיש מיט אַ סך פעפער).

אין „דבוק" — אַ העכערער טאָן ווי ס׳איז נייטיק. שטימונג איז ווינציק, נאָר אייך איבערשטימונג, לאַנגזאַמע באַוועגונגען, ווי די „מאַסקווער". נישט גענוג — מיר גיבן אייך ממש שטיקער נירוואַנאַ...

אין דער „נבלה" איז ווינציק רעאַליזם. די שטים פון קעלער-מענטש: מען גוואַלדעוועט עס איז אַ גוואַלד-רעאַליזם, אַ קוויטש-רעאַליזם אויף דער העכסטער אָקטאַווע.

אין „דבוק" איז נישט שעדלעך דער צו הויכער טאָן. פאַר שטימונג שרעקן זיך מענטשן, נו, שרעקן זיי זיך נאָך אַ ביסעלע מער... מיטן „דבוק" קאָן מען נאַרן — אָבער עס ווילט זיך נאָך לאָזן נאַרן, ס'איז פאָרט טשיקאַווע... דער שרייענדיקער רעאַליזם פון דער „נבלה" איז די גרעסטע שטערונג. עס ווערט די שרייענדיקסטע מעלאָדראַמע פון יידישן טעאַטער. די געוויינלעכע, די יוניע-אַקטיאָרישע, וועלכע מיר קענען אַזוי גוט און וועלכע האָט אונז אַזוי פיין דערעסן.

אַלע אין „נבלה" שפּילן איבער.

עלמית-רייזל — אַ פלינק ווייבל, אַ לעבעדיקס, איז זיך נוהג אַזוי: וואו מען דאַרף געבן איין לאַך, זשאַלעוועט זי נישט און גיט זעקס מיטאַמאָל, וואו מען דאַרף מאַכן איין שפּרונג — גיט זי צוועלף, און אָנשטאָט צוויי קושן, גיט זי צוויי טוצן... אַ טייער ווייבל, אַ פּזרנית.

און דער רעזולטאַט — דער עולם זעט פאַר זיך אַ פלינקע אַקטריסע, אָבער איך זע אין דעם נישט קיין קונסט...

ווען אזרא-מענדל דאַרף וויינען — וויינט ער נישט, נאָר ער גיסט פלגי מים. עס איז נישט קיין נבלה-שינדער, נאָר אַ ביבער, מיט אַ לוויה-יידענע צוזאַמען...

און ווען ער דאַרף זיך געבן אַ ריר, רירט ער הונדערט רירן מיט איין ריר...

און רעזולטאַט: עס שטימט נישט... חוצדעם, שפּילט ער גלאַט אין צווייען: צוויי-מענדלדיק: איין מענדל מיט דער שטים פון אַ ישיבה-בחור, אַ גלגול פון חנן... און דער צווייטער מענדל — מיט אַ גוף אין קליידער פון אַ „נבלה".

נישטאָ קיין האַרמאָניע אין אזראס מענדל, קיין איינהייטלעכע געשטאַלט. ער איז נישט פּרימיטיוו און נישט איידל, די איבערגענג פון איין מענדל צום צווייטן ריפּען, סקריפּען, כריפּען, כליפּען...

מענדל, מיין ליבן לאַנדסמאַן, דאַרף מען בכלל אויפפאַסן אַ קאַפּיטשקע אַנדערש: מען דאַרף שפּילן אַ מענדל ווי דוד קעסלער:

אַ גראָבן בחור, אַ מגושם, רוי באַשעפעניש, פון וועלכן עס רייסט זיך פיינקייט, ליבע, מענטשלעכקייט, פּראָטעסט!

אזרא שפּילט אַ פאַרקערטן מענדל: ביי אים איז ער אַפריער אַן איידעלער מענטש, מיט אַ ווייכער פּאָעטישער שטים און נאָכדעם ערשט רייסט זיך פון אים אַרויס גראָבקייט, פּרימיטיוויטעט, רויקייט.

דאָס איז אַ סטודענטישער מענדל, אָבער דעמדאָזיקן מענדל גלויבט מען נישט... איך, אַלנפאַלס, גלויב אים נישט. ווייל דאָס איז נישט דער מענטש, די געשטאַלט. עס איז פאַלש, און דער-פאַר וויל, הפנים, אזרא זיין מענדל פאַרטומלען מיט גוואַלדן... און צוליב דעם מענדל-טומל וועלן מיר זיך, דענקט ער, אויך פאַרטומלען...

און אָט נעמט אייך אַפילו אברוש-שניאורן. פון אָנהייב שפּילט ער, דאַכט זיך, מיט אַ טאָן. אָבער אַ קאַפּיטשקע און נאָך אַ קאַ-פּיטשקע שפּעטער שפּילט ער שוין מיט אַ סך טענער, שפּילט אויך איבער... נישט איין שיכּור גיט שניאור, נאָר אַ סך שיכּורים... און רעזולטאַט: איר גלויבט נישט, אַז זיין שיכּור האָט געטרונקען... עס איז דער שיכּור פון דער יידישער בינע, מיר קענען אים שוין זייער גוט, פריינט שניאור!

די „ווילנער" שפּילן היסטעריש. און ווי אַ יונג ווייבל וויל פאַרדעקן מיט אַ היסטעריקע אירע זינד קעגן מאַן, אַזוי פאַרדעקן די „ווילנער" מיט היסטעריקע זייערע חסרונות...

די צרה מיט די „ווילנער", וואָס זיי האָבן באַשטימט, אַז זיי דאַרפן נעמען מיט שטורעם.

אָבער בלויז אַ ווינט פון זייער נעמען מיט שטורעם ווערט אויף דער בינע. ווען עס פעלט זיי אויס אמתער טאַלאַנט, רופן זיי דעם ווינט צו הילף: ווינט, ווינט, קום און העלף אונז! און ווען דער ווינט העלפט אַזאַ שפּילן, טראָגט עס אָבער דער ווינט אויך אַוועק...

„די נבלה" דאַרף זיין אַ טראַגעדיע, אָבער די ווילנער האָבן פאַרשפּילט די טראַגעדיע... די טראַגעדיע איז פאַרשוואונדן. איך האָב זי געזוכט און בלויז געפונען אין מיר, וועלכער מוז צוליב קריטיק-פליכטן זיצן אַן אָוונט און ערגערן זיך פאַר הירשביינען, פאַר מיינע לאַנדסלייט, פאַר גאַנץ ליטע...

ווייל ווען איך בין פרץ הירשביין, וואָלט איך סתּם פאַרבאָטן צו שפּילן „די נבלה", אַרויסגעלייגט ממש אַ חרם אויף איר, ווייל,

גאָט מיינער, וויפל איז דער שיעור צו שלעפן אונז אין קעלער אַריין?

אַרויס פון קעלער, חברים! קומט שוין אַמאָל אין זאַל אַריין!

„די נבלה" איז אַן אומגליקלעך באַשעפעניש, אַ מפיל־קינד פון הירשביינס דראַמאַטישער מוזע — און ווער דאַרף זיך אַזוי צאַצקען מיט מפילעך, גיט שוין בעסער דעם „דאָרפסיונג" פון קאָברין! גיט אים שוין בעסער! פאָרט נישט קיין קעלער. פאָרט שמעקט עס מיט טייך, מיט פרישער לופט!... אַרויס פון קעלער, ליבע לאַנדסלייט!

נ. ב. נאָך אַ זאַך וויל איך באַמערקן: די „ווילנער" שפילן אָן אַ סופליאָר, אָבער פאַרוואָס דאַכט זיך מיר, אַז איך הער דעם סופליאָר?

# „גרינע פעלדער".

(אידיליע אין 3 אַקטן פון פּרץ הירשביין, „ווילנער טרופּע", אין טאָמאַשעווסקיס בראָדוויי יידיש טעאַטער).

אַז פּרץ הירשביין איז צופרידן, טאָ
פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין צופרידן?

הירשביינס „גרינע פעלדער" זענען באַרימט אַלס א י ד י ל י ע. און אָט אַזוי האָט מען עס געשפּילט אין אַמעריקע.

זענען געקומען די „ווילנער" און געמאַכט פון דער אידיליע אַ קאָמעדיע, אַ פאַרס...

איז דאָ אַ פעלער? איך גלויב, אַז נישט. דער עיקר איז פאַר מיר, אויב זיי האָבן עס אַלס קאָמעדיע אָדער פאַרס גוט געשפּילט?

און מיין ענטפער איז י אָ.

טאַקע אַ פאַרס, אָבער אויסגעהאַלטן, פאַרס-מעסיק.

אמת, מען האָט הירשביינען געפּטרט אַן אידיליע... אָבער דאָס מאַכט נישט. איז ווינציקער מיט אַ אידיליע ביי הירשביינען... און בכלל, וואָס בין איך הירשביינס פאַרטיידיקער? און בפרט, אַז מען זאָגט, אַז הירשביין איז גאָר צופרידן אויך...

און אפשר זענען גאָר די „ווילנער" גערעכט? אפשר איז גאָר זייער טייטש פון הירשביינס „גרינע פעלדער" דער אמתער, אַז אַזעלכע העלדן, ווי פון די „גרינע פעלדער" מוז מען נעמען מיט אַ ביסעלע הומאָר?

ווייל וואָס איז שייך טייטשן און אויסטייטשן — דערויף זענען ליטוואקעס בכלל מער בריות, ווי די פּוילישע און גאַליציאַנער און אַנדערע יידן. מ י ר קענען די מלאכה!

די „ווילנער" האָבן געשפּילט הירשביינס „גרינע פעלדער" נישט טיף און פּאַרטיפט, נישט געדבקעט און נישט געשטימונגט. אָבער וואָס דאַרף מען ביי אַ פּאַרס טיפקייט און פּאַרטיפונג, דבקות און שטימונג?

אַ פּאַרס דאַרף געשפּילט ווערן מיט אויסערלעכע מיטלען, מיט קערפּער-קלוגשאַפט, און אַזוי האָבן די „ווילנער" געשפּילט: זשעליאזא מיט דער באָרד, באַלערינע מיט די פיס, אזרא אַפילו מיט אַ האָרב...

עס איז געווען אַ טעאַטראַלישע פאָרשטעלונג. אַ פרייליכע, אַ לוסטיקע, אַ טראַדיציאָנעלע... עס האָט דערמאַנט אין אַ טעאַטער און נישט אין קיין „קלויז", ווי ביי די שפּילן פון „דבוק" און „נבלה", און וויבאַלד טעאַטער — איז שוין גוט.

טעאַטער קען מען שפּילן (חוץ שלעכט) גוט, בעסער און נאָך בעסער, לויט די מדרגה פון די שוישפּילער.

און די „ווילנער" שפּילן גוט (איך רעד פון די „גרינע פעלדער"). דער „בעסער" וועט קומען, און אויפן „נאָך בעסער" וואַרטן מיר, און מיר האָבן צייט, מיר זיצן נישט אינדרויסן...

דער עיקר איז, וואָס איך האַלט, אַז ס'איז בעסער טעאַטער-שפּיל, ווי שלעכטע „דבקוואַניע". פיינע פוס-אַרבעט, ווי שלעכטע אויגן-גלאָצעניש...

און ווי זאָגט גאָרין אין „מאָרגן-זשורנאַל": „ס'איז אַ שאָד, וואָס די „ווילנער" האָבן נישט אויפגעפירט דידאָזיקע שטיק פריער. מען וואָלט ביי אונז בעסער פאַרשטאַנען, מיט וואָס די „ווילנער" האָבן זיך קונה שם געווען".

און איך גיב צו, אַז וואָס שייך מיך, וואָלט עס מיר פאַר-שפּאָרט אַ סך אומזיסטע יסורים, ווייל וואָס מיינט איר, ס'איז לייכט צו פאַרטשעפּען זיך מיט לאַנדסלייט? עס קאָסט געזונט!..

און מיט כיבודים איז אַזוי: זשעליאזא אַלס דוד האָט געוויזן, אַז ער האָט אַן אייגענעם קנייטשעלע, אַן אייגענעם פיר איבער דער באָרד אַפילו...

זיין דוד נח איז אַ יידל פון כּולו פוך. גרינג, אָן ממשות, אַזוי, אַז אַ ווינט קען אים אַוועקבלאָזן... אָבער מיר וועלן עס נישט לאָזן, ווייל ער איז אַ טייער טעאַטער-יידל און מיר וועלן קעמפן מיטן ווינט...

שניאור אַלס אלקנה האָט דעמאָנסטרירט צום צווייטן מאָל, אַז ער איז אַ גוטער אַקטיאָר, און מען קען אוין זיינע פּלייצעס אַרויפ-

לייגן אַ ראָלע, אָבער זי דאַרף זיין אַ „גרין־פעלדיקע” און נישט קיין „נבלהדיקע”.

באַלערינע, אַלס צינע, איז געווען פריש־פּיסיק און אויסערלעך גערעטן. דערהויפּט, ווען זי דאַרף נישט צופיל רעדן...

פעדער, אַלס הירש בער, האָט געשפּילט מיט אויסערלעכן כּוח, מיט געזונט, וואָס קומט פון דער לוסטע ברויט. בכלל מיט דעם גוט באַקאַנטן העלדן־כּוח פון דער יידישער קאָמעדיע, און דאָס איז אויך נישט שלעכט...

זעט איר, מיט אַלעקסאַנדער אזרא איז שוין ביי מיר נישט אַזוי גלאַט.

טאַקע אַ פּאַרס, אָבער ער האָט פון לוי יצחקן געמאַכט ממש אַ שטיק האָלץ. און ס'איז פּשוט נישט פאַרשטענדלעך, וואו האָבן די יידן אין אַזאַ הילצערנעם בחור דערזען ג ײ ס ט ? אָבער ווי געזאָגט־ צו דער איינער סצענע, וואו ער כאַפּט זיך שלאָגן פּוטער, איז זיין האָלציקייט צונוץ געקומען... און בכלל וויל איך פאַרגעסן אָן אונזער בן עמי אין דער ראָלע... און איך זאָג: אויך אזרא ועט זיך איינ־ שפּילן !..

## „מאָשקע חזיר".

(דראַמע אין דריי אַקטן פון י. ד. בערקאָוויטש, אין ידישן קונסט־טעאַטער).

זאָל עס גלייך דערקלערט ווערן פאַר דעם מיליאָן און אַ האַלב מיט איין זעקסטל פיינשמעקער פון דער יידישער גאַס:

אַז כאָטש בערקאָוויטשעס דראַמע הייסט „מאָשקע חזיר" — דאָך איז זי דווקא אַ זויבערע זאַך.

און דאָס באַווייזט, אַז אַ נאָמען איז קיין ראיה נישט, דערהויפּט ביי אַ דראַמע אין יידישן טעאַטער: ביי אונז קאָן מען גיין זען אַ פּיעסע, וואָס זי זאָל זיך רופן „ריינע ליבע" און דאָך זאָל זי זיין אַ שטיק „חזיריי"...

„מאָשקע חזיר" איז בכלל אַ דראַמע פון פּאַראַדאָקסן.

עס איז אַ דראַמע פון „לויטער גויים" — און דאָך איז זי זייער אַ יידישע, אַפילו מיט אַ יידישער אידעע (די אידעע זוך איך נאָך...).

דער נאָמען „חזיר" איז אַ קריכנדיקער—און דאָך רעדט זיך עס דאָרטן פון העכערע ענינים.

עס איז אַ פּאָגראָם־דראַמע, און דאָך כמעט נישט קיין שרייענדיקע.

„מאָשקע חזיר" האָט אָבער אויך געקאָנט הייסן: „טאַטע און זון", „דער משומד", „ייד און קריסט", „קינס צייכן" און „מיטן פייער", ווייל אַז איר ווילט, איז עס אַ כלל־דראַמע און אויב נישט — נאָר אַ פּערזענלעכע דראַמע פון „מאָשקען".

בערקאָוויטש, ווי מערסטע העברעער, איז אין תוך רוסיש. בערקאָוויטש האָט צוויי געזונטע „קוואַטערס" צו זיין דראַמע: טשעכאָוו און גאָרקי.

טשעכאָוו האָט אים געגעבן חוץ דעם אופן פון געבוי און

קלאָרקייט פון שרייבן, אויך די מוסטערס פון צוויי פון די העלדן — מאָשקע און אַליאָשקע. און גאָרקי — האָט אים געגעבן קירילן־לוקאַן.

בערקאָוויטש האָט זיין דראַמע געשאַפן לויט מוסטערס, אָבער דאָך איז עס כשר. ווייל נעמען מוסטערס מעג מען, דאָס טוען כמעט אַלע דראַמאַטורגן פון דער וועלט. אָבער אַנדערע נעמען נאָר און גיבן אַליין גאָרנישט. בערקאָוויטש איז אַ נעמער־געבער.

„מאָשקע חזיר" ווערט נישט געשפּילט, נאָר אויסגעמוסטערט. עס איז אַ שפּיל, ווי פון איין בראָנז געגאָסן.

סקולפּטורן קענען קומען זען די מוסטערן־פיגורן.

כמעט אַלע באַטייליקטע שוישפּילער שפּילן גוט. עטלעכע נאָך בעסער, ווי גוט.

עס איז גוט אין אַ פולער מאָס, נאָך מיט „אַ ווערך".

מאַדאַם אַפּעל איז דאָס בעסטע שטיק „גויענטום" פון דער דראַמע: זי איז אַ גויע אַפילו אין איר יידיש. עס איז אַ גויע אין זיך און פאַר זיך, אין דער צייט, ווען קעשיר און שוואַרצס גויים זענען מיט אויסערלעכע מיטלען, מיט באָרדיקייט און ברודיקייט. פּעלערן?

אַז מען וויל זאָגן, איז באַראַטאָווס גוי אַ ביסעלע צו פאַר־איידלט. פאַר אַזאַ גראָבן מענטשן, ווי מאָשקע חזיר, אַן איידעם פון אַ קאָלבאַסניק, איז ער אָפּט צו פיין. ער וואַקסט פּלעצערווייז ביי באַראַטאָוון נישט נאָר איבער זיין סביבה פון פויערים, נאָר אויך אַ סך יידן. ער ווערט עפּעס אַ גייסטיקע געשטאַלט פון אַ קידוש־השם־יידן!..

אָבער איך באַגרייף דעם פעלער: יעדער אַקטיאָר שפּילט חוץ דעם העלד, וואָס ער שפּילט, אויך זיך.

אַפילו לעבעדעוו — טאַנצט זיך...

און אוודאי, ווען דוד קעסלער שפּילט „מאָשקען", וואָלט ביי אים אַרויסגעקומען אַ גרעבערער מאָשקע, ווי באַראַטאָוון.

און אַז מען וויל זאָגן, איז טאַניע (בערטע גערסטין) אויך אַ צו־שונדיסטישע געשטאַלט, כולו קודש... נאָר אויך דאָס קען מען פאַר־שטיין: דאָס באַלאַנגט שוין צו אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק: בערקאָ־וויטש האָט געוואָלט ווייזן די גויים, אַז נישט אַלע גויים זענען פּאָ־גראָמטשיקעס, האָט ער עס געוויזן מיט קירילן און טאַניען...

אין סך הכל: בערקאָוויטשעס מאָשקע חזיר איז אַ גאַנץ כשר־סערווירטער טעאַטער־מאכל און אַפילו רבנים מעגן אַזאַ חזיר קומען געניסן.

# „מאַלי דאַלי".

(אין צוויי אַקטן מיט אַ בילד און אַ „פּראָלאָג פון אַנשעל שאָר, באַאַר־בעט און אויפגעפירט פון יעקב קאַליך, אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער).

איך בין געזעסן און געקוקט און נישט געגלויבט: אַן אָפּערעטע מיט אַ זין? אַן אָפּערעטע מיט לאָגיק? ווי קען דאָס זיין? און איך האָב באַוואונדערט יעקב קאַליכס אונטערנעמונגס־גייסט:

ווי האָט ער עס געוואַגט און ריזיקירט?

די יידישע קריטיק האָט זיך אַזוי איינגעוויינט נישט צו פאָ־דערן פון אַן אָפּערעטע לאָגיק און האַנדלונג מיט אַ זין, אַז זי האָט „מאַלי דאַלי" על פי שכל געדאַרפט אַרונטעררייסן שוין פאַר דעם אליין, וואָס זי איז אַן אָפּערעטע מיט אַ זין...

און דאָס ליבע פּובליקום? אים האָט מען דאָך אַוודאי צוגע־וויינט, אַז אַן אָפּערעטע מוז זיך גראַמען מיט טשעפּוכא, מיט פּלוי־דעריי, — און דאָך קלייבט אי די קריטיק, אי דאָס פּובליקום נחת פון „מאַלי דאַלי"...

און דאָס באַווייזט, אַז אַ ביסל לאָגיק פאַר אַן אָפּערעטע איז נישט קיין חסרון, נאָר אַ מעלה.

און נאָך אַ מעלה האָט פאַר מיר „מאַלי דאַלי", וואָס זי איז, דאַכט זיך, די ערשטע אָפּערעטע, וואָס פאָרט נישט קיין אויסלאַנד... גיט זיך נישט אָפּ מיט עמיגראַציע, שלעפּט נישט אום אָרעמע יידן אין יאַפּאַן, אין קאַווקאַז, אין פראַנקרייך און אין כינע...

ווייל איך האַלט, אַז דער אומגליק פון אונזער אָפּערעטע איז איר שלעפּן זיך אין אויסלאַנד...

פאַר מיר מיינט עס, אַז זי האָט נישט קיין אייגענעם באָדן אונטער די פיס, קיין אייגענעם נשמה־אָנהאַלט, זי איז נאַקעט און זי

מוז פאַרדעקן מיט יאַפּאַנעזישע און קאַווקאַזישע קליידער איר יידישע שאַנדע...

יאָ, יאָ, אונזער אָפּערעטע האָט נישט קיין באָדן.

און אַמאָל טראַכט איך, פאַרוואָס נישט גרינדן עפּעס אַ מין „קרן היסוד" פאַר דער יידישער אָפּערעטע און אויסלייזן זי פון גלות?

איין גאָלדפאַדען-אָפּערעטע האָט געהאַט אַ באָדן, אַ מקום-מנוחה, האָט זיך נישט אַרומגעשלעפּט איבער דער וועלט און דערפאַר האָט זי געהאַט אַ יידישן פּנים...

„מאָלי דאָלי", איז אַ ניו-יאָרקער אָפּערעטע, מיט אַ פאָרם אין „גרינבוויטש ווילעדזש". זי איז נישט אָנגעטאָן אין אויסלענדישע קליידער און דאָך איז זי שיין געקליידט.

זי טראָגט זאָקן פון אַן אַמעריקאַנער ספּאָרט און דאָך איז זי פאַרבנרייך.

אירע מיידלעך זענען נישט קיין פראַנצויזקעס, און דאָך האָבן זיי לעבן...

„מאָלי דאָלי" — האָט אין זיך אַפילו יידישן חן, כאָטש עס געווינען ביי איר דווקא די מיידלעך פון היינט קעגן די מיידלעך פון אַמאָל...

קורץ: „מאָלי דאָלי" איז אַן אויפטו פאַר דער יידישער אָפּערעטע.

זי האָט זין, זי איז אַ היגע. זי פאָרט נישט קיין אויסלאַנד אויף „פּאָפּראַווקע". זי איז בכלל אַן אָפּערעטע, וואָס שפּרינגט נישט איבער זיך אַליין. טאַנצט מיט מאָס, רייסט נישט די פיס ביז דער סטעליע — און דאָך איז זי אַ גרויסער דערפאָלג.

און געשפּילט ווערט די אָפּערעטע גוט, כמעט פון אַלעמען.

איזידאָר מעלצער (דער פאַרמער) צייכנט זיך אויס מיט זיין פליך. אַזאַ פליך איז אַן אוצר אַפילו פאַר אַן אָפּערעטע... ענני טאָ-מאַשעווסקי פּויקט איבערן פליך פון איר מאַן מיט גרויס טאַלאַנט, פּונקט ווי אין באַראַבאַן. ווילי‌אַם שוואַרץ (דער לאָיער) געפעלט מיר אַמבעסטן אין זיין לאַכן ביי דער סצענע פון איינלאַדונג צום באַל. אַלס זינגער איז ער פאַר מיר צופיל לאָיער... לוסי לעווין (אַלס בעלאַ) האָט מיך אַמשטאַרקסטן באַצויבערט, ווען זי זיצט אויפן בוים און וואַרפט מיט עפּל און מיט טעטראַזיני-טרעלן. מאַקס ווילנער איז

אויסגעצייכנט אין ערשטן אַקט, ווען ער טראָגט די קאָלירטע זאָקן... אַלס רעפּאָרטער, ווייס איך נישט, צי וואָלט איך אים אָנגעשטעלט... מעלאָדראַמעטישע זאַך. אין חלשות-סצענעס צייכענען זיך אויס אַ היפּשע צאָל יידישע אַקטריסעס. זיי קענען עס גוט אַלס ווייבער...

און מאַלי פּיקאָן? זי קען מען זען כסדר, אַפילו ווען זי ווי-דערהאָלט זיך, ווייל ווערט דען אייך דערעסן אייער קינד, ווען עס ווידערהאָלט זיינע אַ חכמה? — ניין! און מאַלי פּיקאָן איז אַ קינד, נישט „דאָס קינד פון יידישן פאָלק", ווי לודוויק זאָגט, נאָר טאַקע אַ ליב קינד.

מאַלי ווייס דעם סוד פון בלייבן אַ קינד, אַפילו ווען זי שפּילט עלטערע ראָלן. מאַלי בלייבט ביי איר וואוקס, כאָטש זי וואַקסט...

זי איז פילגעשטאַלטיק — און בלייבט אַלץ ביי איר ליבער קינ-דישער געשטאַלט.

זי איז אַ קינד, וואָס שפּילט אַ מיידל מיט דער שטיפעריש-קייט פון אַ יינגל און אַ יינגל מיט דער ווייכקייט פון אַ מיידל — און עס שטערט איר נישט, ווייל איבער דעם מיידל-יינגל שוועבט די קינדישקייט, די ריינקייט.

# „שדים ווייסן װאָס".

(פון פרץ הירשביין אין יידישן קונסט-טעאַטער).

צו דרשנען װעגן אַן אויפפירונג מיט אַ װאָך שפּעטער, נאָכדעם װי אַלע האָבן שוין װעגן איר געדרשנט — איז אַ חסרון מיט אַ מעלה.

אַ חסרון — װייל מען האָט ביי דיר צעכאַפּט אַלע װיצן (אַפילו דעם געװאַלטיקן װיץ אויפן נאָמען פון דער פּיעסע)... און די לעצטע צייט זענען ביי אונז אַלע געװאָרן װיצלער, אַפילו בוכװאַלד.

די מעלה — װייל האָבנדיק ביי זיך די קריטיקן פון די קאָלעגן, איז דאָס אַליין אַ נייער קװאַל פאַר װיצן.

נעם איך זיך פריער צו דער מעלה.

פון די אַלע, װאָס האָבן אַרונטערגעריסן הירשביינס „שדים", איז מיר אַמסימפּאַטישסטן אב. קאַהאַן און שכנא עפּשטיין. ערשטנס, װייל זיי האָבן געשריבן מיט באַציונג און, צװייטנס, אָן װיצן... די דאָקטוירים אָבער, דר. מוקדוני און דר. קאָראַלניק האָבן זיך אי גע-װיצלט, אי אָן באַציונג. זיי האָבן נישט געשריבן װעגן די „שדים", נאָר זיך אַליין אַרויפגעװאָרפן װי נישט גוטע... (אַזאַ איינדרוק האָט עס געמאַכט). ס'איז פּונקט װי ביידע טיטולירטע אונזערע װאָלטן די גאַנצע צייט געזעסן ביים ראַנד פון װאַלד, מיט דובינעס אין די הענט און געװאַרט ביז הירשביין װעט זיך באַנאַרישן — און, נו, װעלן זיי אים דאַן דערלאַנגען! עך-טי!..

אָבער צו װאָס דאַרף מען עס? און אַז הירשביין האָט זיך באַנאַרישט, איז װאָס?

מען קען זאָגן: אויב פּרץ הירשביין האָט זיין פּלאַץ אויף דער יידישער בינע, איז עס דווקא נאָר מיט זיינע באַנאַהישונגען און נאַרישקייטן.

און, חכמים, לאַכט נישט פון נאַרישקייטן! אַלע נאַרישקייטן האָבן אין זיך שיינקייט און צויבער און שאַפונג, און אויב מען האָט ליב הירשביינען, איז עס נאָר פאַר זיינע שיינע נאַרישקייטן אָדער נאַרישע שיינקייטן.

און, חכמים, וואַרפט זיך נישט מיט נאַרישקייטן! הלוואי וואָלטן מיר פאַרמאָגט אַ סך פון דעם מין נאַרישקייטן. מיר האָבן צופיל קלוגשאַפטן און געקליגלטקייטן, אָט וואָס!

און „שדים ווייסן וואָס" איז פּרץ הירשביינס נאָך אַ נאַרישקייט, אַ קלענערע, צי אַ גרעסערע... (שוואַרץ אַנאָנסירט זי אַלס די גרעסטע...)

פּרץ הירשביינס „שדים" איז אַ שיינע נאַרישקייט, אפשר אַזוי שיין, ווי זיינע אַנדערע, נאָר צו יענע האָבן מיר זיך שוין צוגע-ווייגט און צו דער נאָך נישט. ווען מען זאָל געווען הערן אונזערע חכמים, וואָלט מען די „פּוסטע קרעטשמע" און „פאַרוואָרפן ווינקל" אויך נישט געשפּילט, ווייל עס איז געווען נישט גענוג קלוג פאַר זיי.

פּרץ הירשביינס „שדים" איז אַ שיינע נאַרישקייט. ס'איז אפשר שווער צו שפּילן, ווי מען קען נישט שפּילן אַ סך שיינע נאַרישקייטן (דערהויפּט ביי אונז, אַ פּאַק פון כולו חכמים).

מען קען עס נישט שפּילן, פּונקט ווי מען קען נישט שפּילן אַ זון-אונטערגאַנג, דאָס אָטעמען פון אַ קינד אָדער דעם פליטער-פּלאַ-טער פון שמעטערלינג-פליגעלעך.

עס איז שווער, אָבער נישט אוממעגלעך.

און וואָס קומט הירשביינען און שוואַרצן, ווען זיי האָבן גע-מאַכט אַ פאַרזוך עס יאָ צו שפּילן?

איך זע אין דעם קיין אומרעכט נישט, קיין סקאַנדאַל אַוודאי נישט... און אויב אַזוי, צו וואָס דאָס אַרויפוואַרפן זיך?

פּרץ הירשביינס „שדים" האָבן פעלערן, נו, איז האָבן זיי! אַז מענטשן מעגן האָבן פעלערן, מעגן עס שדים אַוודאי...

פּרץ הירשביינס „שדים" האָט אָבער די מעלה, וואָס עס איז דאָס ערשטע מעשהלע אויף דער יידישער בינע.

גויִיש?.. איז וואָס קען מען זיך העלפן? וואָס קאָן מען טאָן,

ווען גויִים האָבן פאַרט פאַרכאַפּט די נאַטור, די לאַנקעס, די וועלדער, די טייכן, די רוסאַלקעס און אַפילו די ליבע?

און אַלס ערשט מעשהלע האָט מען עס געדאַרפט דערמוטיקן.

מיר האָבן אַזאַ טריקעניש אויף דער יידישער בינע, אַ שרעק! און דאָ נעמט אַ מענטש און דערלאַנגט אונז אַ גאַנצן טייך און אַן אמתן דערצו.

„שדים ווייסן וואָס" האָט מען געדאַרפט אַנדערש שטעלן. „שדים" דאַרף מען נישט שטעלן, ווי מענטשן. „וואָס ווינציקער מענטש און רעאַליזם!"—דאָס האָט געדאַרפט זיין די מאָטאָ פון דער רעזשי.

מען האָט געדאַרפט שטעלן אין אַ בלוי-לבנה-ליכט פון אַ וואַלד-מעשהלע.

מען האָט עס געדאַרפט אַזוי ווייזן, אַז מען זאָל עס וואָס ווינציקער זען און דאַן וואָלט מען עס בעסער באַנומען.

מען האָט עס געדאַרפט שטעלן ווייט אָפּגעשיידט פון אונז. וואָס ווייטער, אַלץ בעסער און קלערער.

די מענטשן און די „שדים" האָבן געדאַרפט רעדן פון דער טיף און פון דער ווייט. זיי האָבן אַלע געדאַרפט קומען פון מרחקים, פון אַ ווייט לאַנד ווי דער מקובל (ווייזענפריינט און זלפה (אַבראַ-מאָוויטש)...

ריטעלען, דעם גלגול פון דער מעשהלע, האָט מען געדאַרפט בלויז הערן און אויך מיט אַ נישט רויִקער שטים... זען זי? חס וחלילה!

און אויב שוין זען, איז אין אַ טיל אין דער קופּט, אין אַ שוויב-שוועב, אין אַ גייסט-פאָרם... וואָס ווינציקער לייב און מער טראָסטינע, וואָס ווינציקער פלייש און מער ווירבל און שדים-פלאַטער...

שוואַרץ האָט געדאַרפט נאָך ווינציקער רעדן, שרייען אַוודאי נישט... וואָס מער בוים און ווינציקער מענטש. ער האָט געדאַרפט שפּילן אין קעשירס טאָן. ער, קעשיר האָט דעם וואַלד-מענטשן גע-כאַפּט. שוואַרצס שטים האָט געדאַרפט זיין אַ קראַנקע, ווי פון אַ קראַנקן פייגל, אַזויווי אַ יונג-אַלטע, אַ פאַרליבטע, ווילד-וואַלדיקע, אָבער נישט קיין מענטשלעכע און שוואַרצישע...

שוואַרץ האָט אָפט געשפּילט מיט אַ הינקעמאַן-שטים. ווי פּאַסט זיך טאָלער צו הירשביינען?

אויב שוואַרץ קאָן נישט קריגן די ריכטיקע שטים, טאָ זאָל ער אַריינשטעלן אין די צייטונגען: „אַ שטים פאַרלאָנגט״.

און דעם ייד, דעם מקובל? אויך אים האָט מען געדאַרפט זען נאָך ווינציקער, ווי, להבדיל, דעם הונט, וואָס וויל אים בייסן.

אויך דאָ האָט מען געדאַרפט הערן זיין שטים און זיינע שווערע טריט, אָבער נישט מער.

* * *

און דעם גט האָט מען געדאַרפט אינגאַנצן אויסלאָזן. צו וואָס קאָנקורירן מיט די היגע רבנים?

און פונמיינעטוועגן האָט מען אויך געמעגט אויסשניידן פון די „שדים״ דאָס גאַנצע יידישע פּראָבלעם.

עס קלעפּט זיך אַלצאיינס נישט...

די יידישקייט אין „שדים וויסן וואָס״ באַהעפט זיך זייער שלעכט מיט דער גוייִשקייט.

די רוסאַקקע מיט די תפלין—וויקלען זיך נישט...

די ענדע האָט געדאַרפט זיין אַ גוייִשע.

דערטרינקען האָט זיך דער „וואָלף״ געדאַרפט אין וואַסער אַריין! אין וואַסער אַריין! און וואָס שנעלער, אַלץ בעסער... דאָס וואָלט געווען נאַטירלעך אין איינקלאַנג מיט אַלע נאַטורגעזעצן און ליבע-קאָדעקסן... די טומאה האָט געדאַרפט זיגן. זי האָט אים גע-דאַרפט אַריינשלעפּן אין וואַסער... ווייל די טומאה זיגט אַלעמאָל...

און ווען דער וואָלף דערטרינקט זיך און קערט זיך נישט אום צו דער ווייב — וואָלט די זאַך זייער פיל געוואונען.

מען וואָלט, לכל הפחות, געקענט אַוועקגיין מיט אַ האַלבער שעה פריער אַהיים...

און דאָך איז פּרץ הירשבײַנס „שדים װײַסן װאָס" אַן אויפטו, אַ חידוש, אַ נײַע שײַנקײַט... עס גיט נאָך אַ רוק אונזער בינע אַ ביסל טיפער אין װאַלד אַרײַן, אין דעם שײַנעם פּלאָנטער פון צויבער־מעשהלעך...

עס איז פּאָרט דאָס ערשטע מעשהלע בײַ אונז. נו, איז עס נישט קײן „פּיער גינט" און נישט קײן „פאַרזונקענע גלאָקע".

# „טאָג און נאַכט“.

(דראַמאַטישע פּאָעמע איז דריי בילדער נאָך די פראַגמענטן פון ש. אַנ-סקי, אין „אונזער טעאַטער“).

דער שידוך צווישן בראָנקס מיט דעם קליינעם קונסט-טעאַטערל, „אונזער טעאַטער“, האָט זיך איינגעגעבן.

די קריטיק איז צופרידן פונם שידוך. דר. מוקדני בענטשט די העגט, „וועלכע האָבן געשאַפן דעמדאָזיקן קליינעם טעאַטער-ווינקל“. ניגער מאַכט אַ פרומע ברכה. ל. קעסנער איז אַנטציקט פון „גרויסן וואונדער“, בוכוואַלדן געפעלט עס אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט אַפילו פאַרגעסן אָן דער יידישקייט... און אַלטער עפּשטיין איז אויך צופרידן.

אי, אב. קאַהאַן איז נישט צופרידן? איז עס אַ קליניקייט. איך גלויב, אַז צו קאַהאַנס טעאַטער-מבינות הערט מען זיך שוין אַפילו נישט צו, נישט נאָר אין וויטן בראָנקס, נאָר אַפילו אויף איסט בראָדוויי...

אַב. קאַהאַן האָט זיך אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ זיין רעאַליזם, איז פאָדערט ער עס וואו מען דאַרף און וואו מען דאַרף נישט... קאַהאַנס רעאַליזם וואָלט „טאָג און נאַכט“ געקוילעט און מיר וואָלטן געבליבן אין „חושך“... ער זאָגט, אַז אין „אונזער טעאַטער“ דעקלאַמירט מען, און מען רעדט נישט, ווי מענטשן... וואָלט עס, ערשטנס, געווען אַ פעלער ביי פּראָזע, אָבער „טאָג און נאַכט“ איז דאָך אַ דראַמאַטישע פּאָעמע און צו אַזאַ פאָרם דאַרף מען דאָך דעקלאַמירן!... אָבער עס איז בכלל נישטאָ קיין דעקלאַמאַציע אין „טאָג און נאַכט“. אב. קאַהאַן פאַרבייט דאָ דאָס נישט דערזאָגן און די אָפּגעהאַקטקייט אין לשון — אויף דעקלאַמאַציע.

„טאָג און נאַכט״ געפעלט מיר בעסער, ווי דער „דבוק״. ער האָט מער דראַמאַטיש בלוט (אפשר איז אין דעם שולדיק דער קאָזאַק...). עס איז ווינציקער לאַנגווייליק, און די לאַנגווייליקייט, וואָס איז דאָ, האָט אין זיך ריטם. און לאַנגווייליקייט צו לאַנגווייליקייט איז נישט גלייך! אַ געליבט פּאָרל לאַנגווייליקט זיך אויך אַמאָל זיצנדיק צוזאַמען— אָבער ווי אנגענעם, ווי זיס!

„טאָג און נאַכט״ האָט האַרמאָניע, צוזאַמענגוס, דר. מוקדני איז נישט גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז אין דריי אַקטן פון „טאָג און נאַכט״ האָט יעדער אַקט אַ באַזונדער אויפפירונג.

פאַר מיר איז דאָרט געווען איין טאָן, אַ גאַנצער טאָן, און עס פאַרשטייט זיך, אַז דער ערשטער אַקט דאַרף זיין אַנדערש ווי דער צווייטער, ווי לכה דודי זינגט זיך אַנדערש פון ונתנה תוקף... שדים קענען נישט גענעצן... אַ שדים־טאַנץ מוז זיין אַ ביסעלע רעשיקער, ווי אַ טרויער־מאַרש...

און פאַרקערט, די אַנדערשקייט האָט דאָ נישט געשטערט. ווען אַ גוטער פידל־שפּילער גייט אַריבער פון אנדאנטע צו אַלעגראָ, איז עס נישט קיין באַזונדער טאָן. דער עיקר, אויב דער איבערגאַנג איז געמאַכט מיט אַ קינסטלער־האַנט, איז עס שוין אייניק, גייט עס אַריבער פון רויִקייט און עפּישקייט, ביז דעם שדים־טאַנץ אויף סטרונעס, אומבאַמערקט...

* * *

דער רבי, ר׳ דן, וועלכן עס שפּילט חיים שניאור, איז אַ יינגערער ברודער פון „דבוק״־רבין...

אָבער ער איז דראַמאַטישער.

און ס׳איז פאַרשטענדלעך: אין „דבוק״־רבי האָט שניאור דער רבי געדאַרפט אַרויסטרייבן דעם „דבוק״ פון אַ פרעמד מיידל און דאָ פ ו ן ז י ך א ל י י ן.

און דאָס איז אַ האַרבערער ענין.

אין „דבוק” איז דאָ צערעמאָניע, ריטואַל, און דאָ דורכלעבעניש און צער — בעסערער שטאָף פאַר שוישפּיל.

שניאור פאַרשטייט גוט זיין ראָלע. אָן באַוועגונג, מיט באַוועגונג, אַ כּפּרה אַלע פּשטלעך — מען זעט אַ רבין. און דאָס איז דער עיקר.

אַ, דער קאָזאַק? דאָס טריפה בלוט אין אים? איז אפשר האָט מען פלעצערווייז טאַקע יאָ געדאַרפט זען מער קאָזאַק, — און אפשר נישט...

ווייל מיר ווייסן דאָך, וואָס אַ קאָזאַק קען אויפטאָן, ווען מען לאָזט אים אַרויס פריי!

מען קאָן גלויבן, אַז ווען שניאור ברענגט אַרויס מער דעם קאָזאַק, וואָלט ער לייכט געקאָנט מאַכן אַ פּאָגראָם אויף „טאָג און נאַכט” און ברענגען עס צו דער מדרגה פון אַ מעלאָדראַמע...

דער קאָזאַק אין שניאורס רבין איז דאָ, נאָר ער איז אין אים, אינעווייניק, אין דער אומריינער מחשבה, אין ווינקל פון זינדיקן האַרצן, מיט סמאָלס שדים־האַנט אונטערגעלעגט, אָבער ווייזן זיך ווייזט ער זיך נישט, ווייל דווקא דעם רבינס גוף איז יידיש, פאַריידישט דורך סגופים און תּענתים און דיסציפּלין...



ווי לייכט אין אַלגעמיין האָט מען פון „טאָג און נאַכט” געקענט מאַכן אַ געביל־מעלאָדראַמע.

די טעמע אַליין איז אין פּאָטענץ אַ מעלאָדראַמאַטישע, שרייענדיקע, אַ פּאָגראָם־קינד, און נאָך אַ געממזרטע דערצו, און מיט אַ מגפה אין איין זייט און אַ שדים־נעסט ביי דער צווייטער.

און עס קומט אַ געוואַלטיקער דאַנק דער קינסטלערישער לייטונג פון „אונזער טעאַטער”, וואָס זי האָט עס פאַרהיט. און געראַטעוועט בראָנקס...

אַזאַ איינגעהאַלטנקייט, זעלבסט־קאָנטראָל און צניעותדיקייט איז

איז אַ גוטער סימן. עס איז נישט נאָר דער שיינער טאָן פון ריינער רעזשי, עס איז דער פונדאַמענט...

איז אין דעם שולדיק דווקא הירשביין, פּינסקי, ברעכער, עלקין אָדער די גאַנצע בראַנסקער אינטעליגענץ? איך ווייס נישט, נאָר אַ בריהשקייט איז עס: איינצוהאַלטן אַ דראַמע מיט אַ מעלאָדראַמאַטישן צאַפּל, נישט אַריינצופּאַקן דער מעלאָדראַמע אין פּסק אַריין...



ביי אונז האָט מען אַ טבע פון פאַרשרייען און איבערשרייען.

ביי אונז שרייבט מען, נישט נאָר מען שרייט און מען ווערט הייזעריק, פּונקט ווי ביי אַ רעדע...

און אַזאַ געשריי און בראַוואָ און הוראַ איז געפאַלן אויף דעם גורל פון צווייטן אַקט, דעם „שדים־טאַנץ".

„אָט דאָס איז טעאַטער!" — שרייט דר. מוקדוני און נאָך אים דער גאַנצער כאָר.

נישט נאָר דאָס איז טעאַטער — דער ערשטער אַקט, דער דריטער אַקט זענען אויך טעאַטער.

אַלע האָבן ליב באַלעט. עס איז גרינג, בליציק, אַמוזאַנט און אַ שדים־באַלעט איז אַוודאי גוט.

און אַקטיאָרן פילן זיך תמיד גוט און לייכט אין באַלעט... און דערצו נאָך אין האַלב־טונקל.

דער שדים־טאַנץ איז ט ע אַ ט ע ר, אָבער אָן „אַ דאָס"...

דער צווייטער אַקט איז פיין. אָבער די דראַמע איז עס נישט. עס איז די פאַרפּוצונג, ד י ד ר אַ מ ע — איז דער ערשטער און דער דריטער אַקט.

מען דאַרף זיך היטן פון קולות פון מליצה, קאָלעגן!

אַ קליין טעאַטערל האָט שוין שיינקייט אין זיין קליינקייט. קליין גראַמט זיך מיט שיין און חן. אַפילו אַ קליינער היפּאָפּאָטאַם איז אויך שיין. און דערפאַר דאַרף מען עס היטן, ווי אַ קינד.

די צרה מיט קינדער איז, וואָס זיי וואַקסן... און טאַטע־מאַמע ווילן, זיי זאָלן וואַקסן.

און מיטן וואַקסן וואַקסן די צרות, דער יאָך פון פּרנסה...

אפשר וואָלט מען „אונזער טעאַטער" געוואונטשן, ער זאָל נישט וואַקסן?..

* *
*

דאַרפן „שדים" האָבן יידישן אויסזען, יידישע אויפפאַסונג? — איך גלויב, אַז נישט.

שדים זענען בטבע גויִיש. יידיש זענען מלאכים..

דער יצר־טוב איז יידיש, דער יצר־הרע נישט.

די מצווה איז אַ יידישע, די עבירה אַ גויִישע.

דער שדים־טאַנץ דאַרף זיין גויִיש, כּדי דער קאָנטראַסט זאָל זיין שטאַרקער, דער כּוח המושך בולטער...

ווייל יידן ציט אַלעמאָל צו גויִים...

ווי קען מען גאָר מאַכן יידישע שדים?

מיט לולבים און שופרות אין די הענט, אין קאַפּאָטעס און יאַר־מולקעס וואָלטן זיי אויסגעקוקט, ווי חסידים...

* *

חוץ שניאורן האָט אין „טאָג און נאַכט" זיך אויסגעצייכנט מרים עליאַס, אַלס דבורה.

דער לעבעדיקער האָט נאָך ביי איר ערשטן העברעישן אויפ־טריט אין אַמעריקע זי אויפגעפאָדערט, זי זאָל אַוועק שפּילן יידיש

טעאַטער... אין דער ראָלע העלפּט איר אַרויס איר היכער פּרויען־וואוקס, דאָס, וואָס עס מאַכט קאַליע איר מאַנסבילשע שטימע.

מיט גרויס פאַרשטענדניש שפּילט אַביגדור פּעקער, אַלס חנניה דער גבאי און אַלס ערשטער לאַפּיטוט.

קרעפּטיק און ברייטברוסטיק שפּילט סטאַוורואָו אַלס סמאל.

אַלס דער דריטער לאַפּיטוט איז בעלע באַלערינע איינציק. זי שפּילט עס מיט שפּיציקער התלהבות, סיי אין שטים, סיי אין די שפּיץ־פינגער פון די הענט.

ליזא ווראַן איז אַ פיינע לילית (איך האָב קיין בעסערע נישט געזען) און אסתר מענדל, אַלס מרים, איז געווען גאַנץ באַחנט.

עך, גאָט מיינער, וואָס טוט מען, וואָס איך קען נישט די מלאכה פון טיילן קאָמפּלימענטן!

און וואָס איז מיט יעקב בערגרין, אַלס מענדל דער שליח?.. ער איז אויך געווען גאַנץ ליב...

## „וו ע ל ף".

(אַ שפּיל אין דריי אַקטן פון ראָמען ראָלאַן, אין יידישן קונסט-טעאַטער).

אַז אין „קונסט-טעאַטער" קען מען שפּילן גוט רוסן, דאָס האָבן מיר שוין געזען פון „רעוויזאָר" און „מיעשטשאַניע", אָבער שפּילן אויך גוט פראַנצויזן — דאָס האָט דאָס „קונסט-טעאַטער" ערשט איצט באַוויזן, אין די „וועלף", און דערפאַר קומט די שוישפּילער פון ק. ט. מיט מאָריס שוואַרץ אין אָנהייב, אינדערמיט און צום סוף אַ גרויסער „מערסי".

איר פאַרשטייט? שפּילן פראַנצויזן איז אַ סך שווערער, ווי רוסן, ווייל אַ רוס קען כמעט יעדער איינער פון די יידישע שוישפּילער, און אַפילו די גאַליציאַנער קענען רוסן פון „איסט בראָדוויי"... „פּאָני-מאַיעש פּאָ רוסקי?" אָבער פראַנצויזן? איז טאַקע אַ וואונדער, ווי דאָס קומט. סיידן, מען זאָל דרשענען, אַז דאָ האָט שוואַרצן און קאָמפּ. אַרויסגעהאָלפן דאָס דורכפאָרן פראַנקרייך פאַראַיאָרן.

און, חוצדעם, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט, אַז ראָלאַנס פראַנצויזן זענען נישט סתם פראַנצויז, נאָר מיליטער-מענטשן, און דאָס מיינט — טאָפּעלע פראַנצויזן.

און דערפאַר קומט ווידער אַ שטאַרקער „מערסי" שוואַרצן און קאָמפּ., ווייל דערמיט האָבן זיי אויפגעטאָן זייער אַ גרויסע זאַך פאַר דער יידישער בינע.

איר באַטראַכט נאָר דעמדאָזיקן מיליטערישן ענין קלאָר:

אויפן שלאַכטפעלד האָבן מיר, יידן, שוין לאַנג באַוויזן, אַז מיר זענען גוטע סאָלדאַטן, אָפיצירן א. אַז. וו. פּונקט ווי די גויים, דאָס איז שוין אַפילו פאַרצייכנט אין דער געשיכטע.

אויפן שלאַכטפעלד, הייסט עס, האָבן מיר, יידן, שוין לאַנג פון זיך אַרונטערגעוואָרפן דעם „בלבול״, אַז מיר זענען טרוסן, מלמדים און ציטערן פאַר אַ שאָס אַפילו פון אַ פוסטער ביקס.

אָבער ווי איז מיט דער בינע? דאָרט איז איבער אונז גע־האַנגען די באַשולדיקונג און מען האָט געשריען: געוואַלד, ס׳איז שלעכט מיט אונזערע מיליטער־מענטשן אויף דער יידישער בינע!

אונזערע טעאַטער־אָפיצירן און גענעראַלן זענען געווען שוידער־לעך־שלעכט, שרעקלעך קאָמיש.

אין טעאַטער האָט מען ביי אונז געשפילט פורים־שפיל־אָפיצירן— חוזק־גענעראַלן — „העלדן פון שכם״ — ביז קאַריקאַטור...

און דאָ איז געקומען שוואַרץ מיט די „וועלף״ און אָפּגעווישט די באַשולדיקונג.

ער האָט געוויזן אמתע גענעראַלן, כמעט גויִים, כאָטש נעם אין שטעל זיי אַוועק אין אַן אמתער אַרמיי, און מאַך זיי פאַר טראָצקיס...

און חוץ, וואָס שוואַרצס טרופּע האָט דאָסמאָל באַוויזן, אַז זיי זענען גוטע מיליטער־מענטשן, האָבן זיי אויך איבערצייגט (מיט ראַלאַנס כּוח), אַז זיי שפּילן גוט אַן פּרויען. און דאָס איז אויך אַ גרויסער אויפטו, לכל הפחות, פאַר אונז, מאַנסבילדיקע מאַנסביל.

עס איז גוט אַמאָל צו זען אויף אַ בינע בלויז מאַנסביל.

מעו פילט זיך דאַך אַזוי גוט, כּמעט ווי ווען מען שיקט אַוועק דאָס ווייב אין קאונטרי און מען בלייבט מיט חברים ביי אַ קערטל...

און כּדי נישט אויפצורייצן די פרויען, וויל איך זאָגן, אַז זיי דאַרפן זיך נישט שרעקן, לאַנג אויסקומען אָן זיי קאָן מען סיי ווי סיי נישט. די גאַנצע דראַמע פון ראַלאַנס „וועלף״ שפּילט זיך אָפּ אין איין טאָג.

איין טאָג קען מען אָן אַ פרוי אויסקומען, אָבער ווען ס׳פּאַר־ציט אויף נאָך אַ טאָג — איז, ווער ווייס? אפשר וואָלטן זיך דאַן ביי ראַלאַנען אויך געמוזט ווייזן פרויען...

און דערצו קען מען די פרויען — סיי די שוישפּילערינס פון „קונסט־טעאַטער״, סיי די סתם פרויען וואָס קומען אין טעאַטער, טרייסטן, אַז מן הסתם זענען אַפילו אין די „וועלף״ אויך דאָ פרויען.

נאָר וואָס דען? — זיי זענען הינטערן לאַגער... דער „שערשע לאַ פאַם״ אומעטום...

און וואָס איז מיט די „וועלף״ גופא? — עס איז אַ פאַרצוקנדיקע

פּיעסע, אַ וועלפּישע, עס כאַפּט אייך אַריין, ווי אַ וואָלף אין די ציין, און עס לאָזט אייך נישט אַרויס ביזן סוף. עס פּאַרצוקט אייך מיט פאַרגעניגן. עס איז אַ וואָלפּישע דראַמע, וואָס ברומט, ווי אַ לייב, מאַכט אייך אויפצוציטערן דעם גוף פון דער נשמה.

געדאַנקען? — אַ היבש ביסל.

„פאַטערלאַנד איבער אַלעם!"

מלחמה איז מלחמה.

פּרינציפּן אַנטלופן פון שלאַכטפעלד, ווי מאָדערנע פרויען פון הויז.

דער מענטש און ברודער שפּילן אין דער מלחמה קיין ראָלע נישט.

רעדן פון גערעכטיקייט בשעת מלחמה, איז ווי אַפּעלירן צו דער לאָגיק פון אַ פרוי, ווען זי איז היסטעריש...

און דער הויפּט-געדאַנק, וואָס מען קען אויסדענקען פון די „וועלף", איז, אַז אין דער רעוואָלוציע, ווי אין אַ קיך פון אַ רעסטאָראַן, איז נישט כדאי אַריינצוקוקן, ווייל עס קען אָפּנעמען דעם אַפּעטיט...

ס'איז רעוואָלוציע...

און געשפּילט זענען די „וועלף" — מענעשלעך-גרויס.

בן-צבי באַראַטאָוו, אַלס קענעל, דער מאַרשאַל, איז דאָסמאָל מיט זיין שפּיל, פּונקט ווי מיט זיין פיגור, העכער איבער אַלע. ער איז פון די שוישפּילער, וועלכע טראַכטן, שפּילנדיק, און שפּילן, טראַכטנדיק. ער איז גרויס אין פאַרנעם און אויפפאַסונג. עס איז זיין ראָלע.

און זיין ראָלע האָט אויך איזידאָר קעשיר, אַלס וויערא. ער איז נישט נאָר אין גוף פון זיין ראָלע, נאָר אויך אין דער נשמה. ער שפּילט דעם כאָאָס, די רויע קראַפט פון דער רעוואָלוציע.

מאָריס שוואַרץ, אַלס טעליע, דער וויסנשאַפטסמאַן, ווייזענפּריינט, אַלס ד'וּאראַן, דער אַריסטאָקראַט, זענען שיין גרימירט, ווירדיק און ליב.ביידנס ראָלן זענען שווערע: גיי, שפּיל אַן אַריסטאָקראַט און באַך אַ גענעראַל דערצו! פּאָלג מיך אַ גאַנג און ווייז אַ וויסנשאַפטסמאַן און אַ גענעראַל צוזאַמען! צופיל פאַרפּלאָנטערט. איינע פון די ביידע וואָלט אויך געווען גענוג.

און די איבעריקע „וועלף", ווי וואָלף גאָלדפאַדען, אליהו טענענהאָלץ, אברהם טייטלבוים און מאַרק שווייד, האָבן געברומט און געחיהוועט יעדער אויף זיין שטייגער, אָבער אַלע צוזאַמען האָבן זיי געגעבן דעם „קונסט-טעאַטער" אַ ווירדיקע, קרעפטיקע פאָרשטעלונג.

נאָר אַזעלכע זאַכן פון גרויסן פאַרנעם דאַרפן געשטעלט ווערן אין אַ קונסט-טעאַטער.

מען דאַרף זיך היטן פון די ברעקלדיקע, קליינע, וואָכעדיקע זאַכעלעך... דערהויפּט פון די קאָמעדיעס.

קאָמעדיע איז אַ טייער אַרטיקל, נאָר נישט אין אונזער רעפּערטואַר.

מען דאַרף זיך היטן פון דער קליין-קאָמעדיע.

אויב קאָמעדיע, דאַרף זי זיין פון גרויסן פאַרנעם...

מען דאַרף זיך היטן. אָבער וואָס טוט מען פּאָרט, אַז מען וויל אַ יידישע זאַך?

מען קען דאָך נישט שפּילן כּסדר גוייִשע זאַכן!

איז טאַקע שלעכט.

אָט אַנאָנסירט שוואַרץ — נאָך די „וועלף" — „פעטער דעם גרויסן".

גוט, פיין, אָבער מען דאַרף דאָך יידישע זאַכן אויך? הייניקע, צאַפּלדיקע...

נאָר אפשר ליגן ערגעץ אַזעלכע פּיעסן און זיי בלייבן ליגן?

אפשר דאַרף מען אַ זוך טאָן, צווישן יידן טאַקע, און מען וועט געפינען?

## „דער לעצער סך־הכל״.

(מראַגעדיע אין 4 אַקטן פון דוד פינסקי, אין „אונזער טעאַטער״).

דוד פינסקי האָט ליב דריי זאַכן (חוץ קליינינקייטן): גרויסע פּראָבלעמען, מאַסן־משוגעת צוליב געלט, און אַז מען זאָל זיך ביי אים קושן, און דווקא מיט אַ סמך (ס), דער סימבאָל פון אַ מויל ביים קושן זיך...

איך ווייס נישט, צי אים געלינגט משוגע צו מאַכן דעם עולם, אָבער אַלס פּראָבלעמאַטיקער איז פינסקי ביי אונז אַ בן־יחיד אין דער דראַמע. און אַ בן־יחיד דאַרף מען טייער האַלטן, שוין דער־פאַר אַליין, וואָס ער איז אַ בן־יחיד... און מען דאַרף אים פאַרגעבן אַפילו זיין קושן זיך... מיטן גוט־באַקאַנטן סמך (ס)...

שוין מיטן „אוצר״ האָט פינסקי אַוועקגעשטעלט דעם פּראָבלעם פון גרויסן הונגער נאָך געלט, וואָס באַהערשט דעם מענטשן.

און כאָטש אין „אוצר״ איז דאָ אַ יידישע סביבה, איז דאָך אָבער דער פּראָבלעם אַן אַלמענטשלעכער און ער האָט אַריבערגעוואַקסן די סביבה.

„דער לעצטער סך־הכל״ איז פינסקיס צווייטער פאַרזוך אויף דעם מאָטיוו פון משוגעת צוליב געלט.

אונז פונקט ווי „דער אוצר״, איז עס געלונגען.

אין „אוצר״ האַנדלט זיך עס אין געלט, אַלס מאַסן־באַהערשער און אין „לעצטן סך־הכל״ — אין געלט, אַלס באַהערשער פונם יחיד.

אין „לעצטן סך־הכל״ קומט נאָך אויך צו דער מאָטיוו פון ליבע צו אַ פרוי.

פינסקי האָט דאָ געוויזן דורך אַ פיין מעשהלע, ווי אַזוי דער וועג פון געלט-גייץ גייט דורך קרבנות, אָבער אין „לעצטן סך-הכּל״ פאַלט דער „אַלהערשער״ אַליין אַ קרבן...

די מעשה פון „לעצטן סך-הכּל״ הייבט זיך אָן מיט אַ פּראָלאָג. וואָלט עס געווען נישט שלעכט. איז אָבער דער פּראָלאָג אַ ביסל צו לאַנג און אַ קאַפּעטשקע נישט מעשה-מעסיק. ער קוקט שוין גיכער אויס, ווי אַ לייט-אַרטיקל פאַר ווייבער.

און אומזיסט מיט זיך פּרוי וויטאלין צו מאַכן דערפון אַ מעשהלע: דאָס לשון איז נישט פון קיין מעשהלע...

אָבער, חוצן פּראָלאָג, איז די זאַך אַ געלונגענע, גוט פאַרטראַכט, גוט געשטעלט, גוט דעקאָרירט און גוט געשפּילט.

די שפּיל שפּילט זיך אין פאַרב, ליכט און באַוועגונג, און אַפילו די פאַרגליווערונג-סצענע איז פול מיט דינאַמיק...

עס פאַרשטייט זיך, אַז די רעזשי פון „לעצטן סך-הכּל״ האָט מען אויך געקאָנט אויפפאַסן אין אַן אַנדער ליכט און אַן אַנדער טאָן.

מען האָט געקאָנט הויפּטזעכלעך שפּילן דעם הויפּט-העלד אינ-גאַנצן טראַגיש.

אָבער מאַלע וואָס מען קאָן?

מיר געפעלט ווארדי, ער האָט פּגימות אין זיין אויפפאַסונג און שפּיל.

אפשר איז אַ פעלער צו שפּילן דעם מעל-הענדלער גראָטעסק-מעסיק?

אפשר...? — אָבער מיך אַרט עס נישט.

פאַר מיר וועגן די מעלות פון ווארדיס שפּילן אַריבער זיינע פעלערן.

ווארדין פעלט דער טראַגישער ברום, דער, וואָס קומט פון אונטן אַרויף. אָבער דערפאַר שפּילט ער דעם „פון אויבן אַרונטער״, מיט אַ באַזונדערן טאַלאַנט, מיט אַ באַזונדער נוסח.

פאַר מיר איז אַ פאַרגעניגן צו זען ווארדין, דעם אַנדערש-שפּילנדיקן.

יידיש טעאַטער האָט אַ נוסח. אַ שאַבלאָן. אַפילו אַ גוט באַ-קאַנטן הוסטל און קרעכצל... מען שפּילט ביי אונז כּמעט מיט איין ניגון.

ווארדי האָט אַן אייגענעם נוסח, ז ײ ן נ ו ס ח, און זיין ניגון,

אפילו ווען עס קלינגט פרעמדלעך — איז אַ דערפרישונג, אַ דער־לייזונג.

און דער עיקר איז וואַרדי טרעפנד־צוגעפּאַסט צו דער ראָלע פון מעל־הענדלער מיט זיין וואוקס.

דווקא דאָס, וואָס וואַרדי איז קליין־געוויקסיק, האָט געשטעלט אויף די פיס זיין ראָלע און זי דערהייבן אין מיינע אויגן.

ווען די ראָלע פון מעל־הענדלער שפּילט, למשל, באַראַטאַוו, וואָלט דווקא זיין גרויסער וואוקס געשטערט.

ער וואָלט נישט אַרויסגעבראַכט אַזוי בולט דעם הונגער און די וועלפישע גייציקייט פון דעם „קליינעם מענטשעלע" נאָך געלט און מאַכט, ווי וואַרדי האָט עס אַרויסגעבראַכט מיט זיין גראָטעסקער פיגור...

וואַרדי האָט אין מעל־הענדלער געוויזן אַ קאָמישע פיגור פון אַ פויזנדיקן וואָרעם, וועלכער שטרעבט צו ווערן אַ לייב. און וויל ברומען, ווי אַ טיגער... געוויזן אַ קאַרליק, וואָס וויל ווערן אַ ריז און פאַרכאַפּן די וועלט, און אַ נישטיקייט, וועלכע וויל הערשן און אַלץ קויפן פאַר געלט...

גרויסגעוויקסיק איז שוין מאַכט מיטן גוף אַליין. אָבער קליינקייט דאַרף זיך טאָפּלט אָנשטרענגען צו ווערן אַ מאַכט.

און וואַרדי האָט דעם טראַגיזם פון דערדאָזיקער אָנשטרענגונג געוויזן ביז קאָמיזם...

מען קאָן זאָגן אַזוי: וואַרדי איז אַלס מעל־הענדלער נישט אַריין אין זיין ראָלע אינווייניק, נאָר ער קוקט אַריבער דער ראָלע און באַ־הערשט זי מיט אַ געלעכטערל...

ער איז דער קאָמיקער, וואָס שפּילט דעם טראַגיקער

און אַז אַ קאָמיקער שפּילט אַ טראַגיקער, מוז ער תמיד אַריבער־קוקן איבער זיין ראָלע, ער מוז זען דעם חוזק פון דעם גאַנצן טראַ־גיזם... אַנדערש קען עס נישט זיין...

אויך זאַך וואָלט אַנדערש נישט געקענט שפּילן דעם מעל־הענדלער...

און אין דעם ליגט אַ סך שיינקייט.

דער צושויער זעט דאָ צוויי זאַכן און געווינט צוויי מאָל. ער זעט אַ קאָמיקער און אַ טראַגיקער צוזאַמענגעגאָסן — צוויי אינאיינס און ער האָט הנאה פון ביידן.

נאָך וואַרדין האָט געשפּילט וואונדערלעך גוט דער פּראָצענטניק — אביגדור פּעקער.

ער האָט גענומען דעם „לאַפּיטוט" פון „טאָג און נאַכט" און אים פּאַרטיפט, און עס איז אַרויסגעקומען דער פּראָצענטניק, אַן איינגעגעבענע געשטאַלט.

בעלע בעלערינע, ווי חוה יואלית, ברענגען טיילווייז גאַנץ קרעפּטיק אַרויס זייערע ראָלן.

יעקב בלייפער, ווי יוסף גרינבערג, זענען פּלעצערווייז גאַנץ קרעפּטיק. איינער ביי דעם שטרייק-דערקלערונג און דער צווייטער ביים קושן זיך. די מאַסן-סצענעס זענען מוסטערהאַפט פיין.

דער סך-הכל פונם „סך-הכל" איז: מעל מיט תורה, ווען זיי גייען צוזאַמען, איז שוין אַלט באַקאַנט, אַז עס איז אַ דערפאָלג — צי וועט אויך זיין אַ דערפאָלג מעל מיט קונסט — וועלן מיר זען.

# „דער לופט־מענטש".

(אין 4 אקטן פון סעמיאָן יושקעוויטש, יידיש — אָסקאַר קארטאזשינסקי, אין יידישן קונסט־טעאַטער).

דער „לופט-מענטש" איז אַ קאָמעדיע, צו וועלכער עס איז טיילווייז צוגעטשעפּעט אַ מעלאָדראַמע-אַפּענדיקס. אַ טראַגעדיע-צוטשע-פּעניש, און ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס בלויז טיילוויז...

דער קאָמעדיע-טייל פון די פיר אַלטן האָט זיך יושקעוויטשן איינגעגעבן. דער מעלאָדראַמאַטיש-טראַגישער — נישט.

„דער לופט-מענטש" איז אַלס גאַנצע זאַך שלעכט געבויט. הענגט אינדערלופטן, נישט גענוג באַגרינדעט... דער דראַמאַטורג האָט נישט געוואוסט, אויף וואָס ער זאָל לייגן דעם געוויכט פון דער פּיעסע— צי אויף דער קאָמעדיע, צי אויף דער מעלאָדראַמע. — נו, האָט ער זיך מיישב געווען און האָט עס צעטיילט אויף צוויי גלייכע העלפטן: אַן אַקט פּאַר מעלאָדראַמע און אַן אַקט פּאַר קאָמעדיע... אַזוי אַן אַקט איבער אַן אַקט. און עס קוקט אויס, ווי אַ קדחת-שפּיל...

יושקעוויטש האָט נישט געהאַט גענוג כּוח אַרויסצוברענגען דעם יידישן לופט-מענטש אין זיין גאַנצער לופטיקייט. ער האָט דעם לופט-מענטשן נישט אָנגעטאַפּט ביי דער נשמה, נאָר אָנגעכאַפּט ביי אַ אַ שפּיץ קאַפּאָטע.

און עס איז אַרויסגעקומען אַן אויבערפלעכלעכער טיפּ...

און דערצו שרייבט נאָך יושקעוויטש רוסיש, פאַר די גויים, מיינט עס, האָט ער דעם לופט-מענטש באַשאָטן מיט דעם גוט באַקאַנטן סאַכאַרין, וועלכע גויים האָבן ליב.

„דער לופט-מענטש", אליהו גאָלד, איז אַרויסגעקומען אַ צו גו-טער, אַ צו ווייכער, כּמעט אַ מלאך.

„דער לופט-מענטש” איז נישט קיין סתם-ייד, נאָר אַ ייד פאַר אַן אויסשטעלונג פאַר די גויִים אַלס מוסטער: נאַט, זעט, גויִמלעך, ווי פיין מיר זענען, ווי גוט! ווי מיר לעבן ריין... און, ביטע שיין, מאַכט אויף אונז נישט קיין פּאָגראָמען!..

אָבער נאָכמער אויבערפלעכלעך איז דעם „לופט-מענטשנס” משפחה, זיין פרוי און די קינדער.

אויבערפלעכלעך—און דערצו נאָך אַלטע באַקאַנטע פנימער. מען קאָן זיי שוין גוט פון גאָרקי ביז טשעכאָוו, און יושקעוויטש האָט זיי גאָרנישט צוגעגעבן אייגנס, י י ד י ש ע ס...

# „דאָס אונגאַרישע מיידל״.

(אָפּערעטע אין דריי אַקטן פון ה. קאלמאן, אין טאָמאַשעווסקיס טעאַטער).

אין „דאָס אונגאַרישע מיידל״ טרעט אויף אַ גאַנצע „טראָיקע״ נייע אייראָפּעיִשע טאַלאַנטן: אַ באַרימטע פּרימאַדאָנע זינע גאָלדשטיין, אַ באַרימטער זינגער און קאָמיקער הער מיכאלעסקא, און סתם אַ באַרימטער זינגער — הער סיראַטצקי...

איך בין געגאַנגען זיי זען מיט ספקות. איך בין בטבע אַ שרעקעדיקער, און מיין האַרץ ציטערט בכלל פאַר אונזער לייכטזין און „שטיפערייען״, ווייל ווען יידן וויינען, טראַגעדיעווען און דראַמאַטעווען — ליידט מען אויך פון זיי גענוג, אָבער זיי זענען אויפן פּלאַץ. אָבער ווען יידן נעמען זיך צו „אָפּערע״, הייבט עס אָן שמעקן מיט פּורים-שפּיל...

אָבער וואָס איז דאָ פיל צו רעדן: איך בין געגאַנגען. און, ווי זאָגט ערגעץ דאָס באַרימטע צעזאַר-ווערטל, נאָר אַ קאַפּעטשקע געענדערט: געקומען און געזען און — פאַרנודיעט געוואָרן.

עך, ברידער-קריטיקער פון די שטענדיקע פרייטיק-זייטן און פון אַלע טעג. איז דאָס אַ לאַנגווייליקע זאַך צו זיצן אַן אָוונט מיט דער אונגאַרישער מיידל! — אַי, לאַנגווייליק! דאַכט זיך, אויפן בינע איז פריילעך, מען זינגט און מען טאַנצט, מען קופּלעטעוועט און מען שפּרינגט. די פיס און די העלזער אַרבעטן גאַנץ פלייסיק, און דעקאָראַציעס זענען אויך דאָ. און קאָסטיומען פאַרביקע, שרייענדיקע, יצר-הרעדיקע. און דער עיקר, די פּרימאַדאָנע, מאַדאַם גאָלדשטיין איז שיין. דער עיקר שבעיקרים—פיסלעך האָט זי גאָר-גאָר נישקשהדיקע, הירשן-פיסלעך, דין און בויגזאַם, ווי זינגט זיך ערגעץ אין

„יעוועגני אָניעגין": „עך, נאָזשקי, נאָזשקי!" — און דאָך מיט די אַלע זינגערייען, טאַנצערייען, שפּרינגערייען און פּיסערייען איז דאָס נישט אינטערעסאַנט, נישט אַמוזאַנט און אַפילו נישט פּיקאַנט. עס איז לאַנגווייליק, צעצויגן, און עס ציט צו דריי זאַכן: צו גענעצן, צו שלאָפן און — אין גאַס...

„דאָס אונגאַרישע מיידל" איז אַ בורלעסק פון דעלענסי סטריט, נאָך 14-טע סטריט, פון אַלע סטריטן, און דערצו נאָך לאַנגווייליק און צעצויגן אויף דריי אַקטן. אין די ערשטע צוויי אַקטן קען מען פאַרשיקן אַ פאַרברעכער, אין דעם לעצטן דאַרף מען אים שוין באַפרייען, ווייל ער האָט שוין גענוג געהאַט זיין שטראָף...

וועגן די שוישפּילער: ווי געזאָגט אַ ביסעלע העכער, האָט מאַדאַם גאָלדשטיין שיינע פיסלעך. אָבער ווען מען דערמאָנט זיך, אַז זי שפּילט אַן אונגאַריש מיידל, קומען אַרויף זינדיקע רעיונות אין מוח. אונגאַרישע מיידלעך האָבן, דאַכט זיך, אַ טבע צו באַזיצן פעטע, גאַנץ דיקלעכע פיסלעך. אונגאַרן איז דערהויפּט אַ לאַנד פון שמאַלץ, און אונזער מאַדאַם גאָלדשטיין האָט פיסלעך גיכער פון אַ ירושלימדיקער טאָכטער פון די ביבלישע צייטן, איידער פון אַן אונגאַריש מיידל. און שפּילן שפּילט זי אַ שאַנסאָנעטקע, אָבער דאָס איז אויך נישט קיין אונגאַרישע... עס פעלט איר... טעמפּעראַמענט, זי איז צו צניעותדיק, ליכט-בענטשנמעסיק...

הער מיכאַלעסקא איז אַ „לעבעונג" — אָבער דאָך איז עס נישט כאַראַקטעריסטיש. נישט אַזוי, שטעל איך זיך פאָר, טאַנצט אַ גויישער גראַפישער לעבעונג און נישט אַזוי זינגט ער. נישט אַזעלכע מאַניערן האָט ער... נישט אַזוי פירט ער זיך. אמת, ער האָט אַ שטימע, פּונקט ווי זי, מאַדאַם גאָלדשטיין, האָט אויך אַ שטימע, אָבער דאָס זענען געוויינלעכע אַקטיאָרסקע שטימען, וועלכע אַקטיאָרן מוזן באַזיצן לויט די געזעצן פון דער יוניע. אמת, מיכאַלעסקאָ קען שפּרינגען, אָבער דאָס איז אויך גאָרנישט. איך וואוין אין שכנות פון בראָנקסער זאָאָלאָגישן גאָרטן, זע איך פיל שפּרינגענדיקע באַשעפענישן. די, וואָס שפּרינגען אויף די פאָדערשטע צוויי, ווי אַ באָק, און די, וואָס שפּרינגען אויף די הינטערשטע צוויי, ווי אַ קאַנגורו... א. אַז. וו.

אי, די אָפּערעטע איז דאָך פאַרפאַסט ביי קאַלמאַן... איז מניע! — ווער ווייסט, צי איז דאָס דער ריכטיקער קאַלמאַן? אפשר איז דאָס

דער קלמן, וואָס גייט תמיד צוזאַמען מיט זלמן אין אונזערע גוט-באַקאַנטע וויצן?

זאָגט קלמן: זאָג מיר, זלמן, פאַרוואָס ביזטו היינט אַזוי צע-דרייט?

ענטפערט זלמן: וואָס פרעגסטו מיך, קלמן, פרעג מיין יידענע!

פון יענע וויצן און פון יענע קלמן-זלמן!..

יאָ, מיינע הערן טעאַטער-קריטיקער, פרייטיק-נאָטיצלער און קאַסע-קיצלער, איר וועט מיר מוחל זיין, נאָר איך בין מיט אייך נישט איינשטימיק. ווען „דאָס אונגאַרישע מיידל" דאַרף מען אַנדערש שרייבן, ווי איר שרייבט. איר זאָגט, אַז אַן אָפּערעטע דאַרף נישט האָבן קיין אינהאַלט?

אָבער אַן אינהאַלטסלאָזע זאַך דאַרף אויך נישט זיין לאַנגוויילִיק, טאָר נישט נודיען, דאַרף האָבן פּראָפּאָרציע און טעם... און דער עיקר—די געזאַנגען דאַרפן קומען פון אייגענעם מקור. אַן אָפּערעטע דאַרף נאָך זיין מער יידיש, פון יידישן מקור, ווי אַ דראַמע. אַן אדאָפּטירטע דראַמע טויג נישט, אַן אדאָפּטירטע אָפּערעטע — נאָך ווייניקער, ווייל אַ דראַמע רעדט צום מוח, אָבער אַן אָפּערעטע רעדט צום האַרצן, צו די מאַנסבילשקייטן פון האַרצן — און דאָס מוז מען קאָנען צוטרעפן מיט די ניגונים... גיט אַ יידן, זאָג איך, נאַרישע זאַכן, שוואַכע מאָטיוון — אָבער אייגענע. די געזאַנגען פון דער „אונגאַרישער מיידל" זענען נישט יידיש און נישט גויִש, זיי קומען פון אַלע קוואַלן, אָבער נישט פון איין קוואַל... און אויך די עברי טויג נישט, ווייל וואָס פאַר אַ פנים האָט אַ גראַף, וואָס זאָגט: „איך בין שוין זעקס מאָל בר-מצווה"...

ווען איך קריג אַזויפיל פאַר יעדער שורה, וויפל געגעצן מיינע שכנות פון לינקס און פון רעכטס האָבן אַרויסגעגענעצט ביי דער „אונגאַרישער מיידל", דאָן וואָלט איך געגאַנגען — — — נישט אין יידישן טעאַטער, נאָר — אין גאָלד. און שלאָפן האָב איך אויך געזען אַ היבשע ביסל אורחים... עס האָט זיי בלויז געשטערט פרידזעלס מוזיק...

קורץ, איך מאַך אַן אַפּעל צו אונזערע טעאַטער-דירעקטאָרן: יידן! שטעלט „בר כוכבא", „צוויי קוני-לעמלס", „שולמית" און אַפילו טאָמאַשעווסקיס אייגענע געבאַקענע אָפּערעטעס, — נאָר נישט קיין גויִשע, אַדאָפּטירטע, ווייל פאַרוואָס זאָלן יידן טאַקע נישט הנאה האָבן?

## „שטאָל און אייזן“.

(מעלאָדראַמע אין 4 אַקטן פון מאַקס גאַביל, אין גאַבילס פּיפּלס טעאַטער).

אין האָב שוין לאַנג נישט געזען יידישע קינדער וויינען אין טעאַטער — האָב זיך פאַרבענקט נאָך אמתן יידישן טעאַטער, בין איך אַוועק צו גאַבלען... דאָרטן, זאָגט מען, איז איצט דער איינציקער פּלאַץ, וואו מען וויינט נאָך...

געקומען און געזען, אָבער איך בין אַנטטוישט געוואָרן: מען האָט נישט געוויינט. וואו נישט וואו האָט עמעצער געריבן אַן אויג, אָבער אַזאַ וויינען קאָן מען דאָך זען אַפילו ביי „מאָשקע חזיר“, אָדער ביי „ציפּקען“...

עס האָט געפעלט דאָס אמתע געוויין, דאָס כליפּען, די ערב היסטעריקע.

וואָס־זשע קען עס באַטייטן? איז אונזער עולם שוין אַזוי איבער־געפירט, אַז אַפילו אויך ביי גאַבלען האַלט ער זיך שטייף, ווי אין „קונסט־טעאַטער“?

איך האָב נאָכגעטראַכט און געקומען צום שלוס, אַז דאָסמאָל איז די מעלאָדיע שולדיק.

גאַבלען איז געלונגען צו אַדאָפּטירן אַ מעלאָדראַמע, וועלכע איז אַזוי שפּאַנענדיק, וואָס שפּאַנענדיקער קען שוין מער נישט זיין... עס איז אַ 100־פּראָצענטיקער קרימינעלער משפּט אויף דער בינע.

אָבער דער חסרון איז, וואָס, ערשטנס, פעלן אין דער מעלאָ־דראַמע שלעכטע מענטשן. עס פעלט דער רשע. אַלע העלדן פון „שטאָל און אייזן“ זענען צדיקים, גוטע פיינע מענטשן, און אויף וועמען זאָל מען דאָ ווערן אין כעס? און מיט וועמען זאָל מען דאָ נ י ש ט רחמנות האָבן? און וויבאַלד דער עולם מוז רחמנות האָבן אויף אַלעמען: אי אויף בוידי, דער מיזינקע, אי אויף איר געליבטן

הערמאַן, אי אויף סידנין, אי אויף אַלע נייטן פראָסטס בנים — דאַן באַלאַנגט עס שוין צו פסיכאָלאָגיע, צו ליטעראַטור און נישט צו מעלאָדראַמע...

וואָלט אפשר דער הויפּט-העלד געווען אַ שטיקל אכזר, איז ער אָבער אויך בטבע אַ גוטער... אַ שטרענגער טאַטע — אָבער ער טוט דאָך אַלץ פאַר די קינדער... ער וויל באַפרייען סידנין, זיין יינגסטן זון.

און דערפאַר קוקט דער עולם, ווערט הינטערגעריסן פון דער מעלאָדראַמע — און וויינט נישט...

און, צווייטנס, זענען די העלדן פון דער מעלאָדראַמע „שטאָל און אייזן" פרעמדע. נישט קיין יידן און נישט קיין גויִים.

עס פעלט סביבה. דאָס איינציקע, וואָס דערמאָנט אָן יידישקייט, איז דאָס ווערטל „קאָמפּאָט" פון דער מאַמע פייגע, די הויז-האַלטערין. אָבער דאָס איז זייער ווינציק...

און איך גלויב, אַז אויך אַ מעלאָדראַמע דאַרף האָבן, כדי צו דערוועקן רחמנות און ליבע און טרערן ביים עולם — עפּעס אַ שטיקל סביבה... אויב שוין קיין יידישע, איז כאָטש אַ גוייִשע...

נייטן פּראָסט אין אַ פרעמדער. עפּעס גלאַט אַ באַשעפעניש, אַ חיה אויף צוויי פיס און די טאָכטער איז גלאַט אַ טאָכטער און די זין גלאַט זין — און וואָס פאַר אַ באַציונג זאָל צו זיי דער עולם האָבן?

און דאָך, מיט דידאָזיקע אַלע חסרונות ווערט „שטאָל און אייזן" אויפגעפירט גאָר, גאָרנישט שלעכט.

אמת, דער גרעסטער טייל פון די אַקטיאָרן פּאַסטן נישט פאַר זייערע ראָלן: צו אַלט און צו פעט... די זין פון מיליאָנער זענען נישט קיין מיליאָנערסקע זין. דערהויפּט פּאַסט זיך נישט גראָף פאַר זיין ראָלע. ער שפּילט אַ פּעדלער פון עסעקס סטריט, אָבער נישט קיין מיליאָנערס אַ זון.

און אויך דזשעני גאָלדשטיין טויג נישט פאַר איר ראָלע, חוץ אין אַ פּאָר שטאַרקע מאָמענטן — אָבער דאָך שטערט עס נישט דער אויפפירונג, ווייל די גאַנצע מעלאָדראַמע האָט געביל אָוועקגעלייגט אויף זיך, אויף נייטן פּראָסט. און געבעלען געלינגט צו שאַפן אַ העלד, נישט קיין מענטשן, נאָר אַ העלד. עס געלינגט—און ער האַלט אים אויס פון אָנהייב ביזן סוף מיט ווירדע. געביל, וואָלט איך געזאָגט, שפּילט שונד מיט אַ געוויסער קונסט. און אַזוי אויך רעזשיסירט ער.

און דערפאַר וואָלט מען געקענט רופן געבּילס טעאַטער: דאָס קונסט-טעאַטער פאַר שונד...

ביי געבּלען שפּילן אַלע איינגעהאַלטן, מען שפּרינגט נישט אַרויס פון זייערע ראָלן, און אָפט מאַכט אויף מיר געבּילס שפּילן דעם איינדרוק, ווי אַ שפּיל פון אַ באָס מיט אַרבּעטער...

געבּיל, דאַכט זיך מיר אָפט, שפּילט, ווי אַ באַלעבּאָס און ווי ער וואָלט געזאָגט צו זיינע אַקטיאָרן: איך צאָל אייך געהאַלט און איר, אַלס גוטע יוניע-אַקטיאָרן, מוזט פאָלגן...

און חברה פאָלגט טאַקע...

אַזאַ ענלעכן איינדרוק פלעג איך אַמאָל האָבּן ביי טאָמאַשעווסקין. אויך ער פלעגט שפּילן חוץ זיין ראָלע — באַלעבּאָס.

און אַז באָריסן פלעגט זיך פאַרוועלן, פלעגט ער אַפילו כאַפּן אַן אַקטריסע און גלאַט, צי מען דאַרף, צי מען דאַרף נישט, אַריינ-צימבּלען אין ווייכן אַריין...

אַ באַלעבּאָס מעג אַלץ...

# „י ז כ ו ר".

(פון ה. סעקלער, אין יידישן קונסט-טעאטער).

די לעגענדע פון „יזכור": געווען אַ יידישער בחור לייבקע, אַ גיבור, כמעט אַ גוי, אַ קאַברינישער „יענקל בוילע"; געווען אַ ייד, אַ שענקער, זימל, מיט אַ טאָכטער קריינדל. איז קריינדל שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם יידישן בחור-שגץ לייבקען, האָט ער צוליב איר גענומען זיך מתקרב זיין צו יידן און יידישקייט. און דאָ קומט אָן אין שטעטל אַ נייער פריץ, אַ פירשט, מיט זיין טאָכטער. מאַכט מען פאַר אים אַ קבלת פנים. יידן גייען אַרויס מיט אַ ספר תורה, און לייבקע, כאָטש דער הויף-מייסטער וויל, אַז ער זאָל גיין מיט דער גויישער באַפעלקערונג מקבל פנים זיין דעם פירשט — גייט ער דאָך מיט די יידן. קורץ: ביי דער אויפנאַם באַמערקט דעם פירשטס טאָכטער לייבקען און פאַרליבט זיך אין אים תיכף ומיד... און דער פירשט הייסט אים ברענגען צו זיך אין הויף. און הכלל, לייבקע ווערט שטאַל-מייסטער. און דאָ הייבן זיך אָן לייבקעס צרות און מאַרטירערשאַפט. לייבקע וויל היטן יידישקייט און טריי זיין זיין כלה קריינדלען, און דאָס איז להיפוך, וואָס די פירשטין וויל...

און ווען די פירשטין פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל גיין מיט איר דווקא אום שבת אויף יאַגד — וויל ער נישט, פאַרזעצט מען אים. גנבעט ער זיך אַרויס, אַנטלויפט צו דער כלה און מען שטעלט אינ-מיטן נאַכט אַ חופה, און לייבקע פלאַנעוועט זיך אַריבערצוכאַפּן דעם גרענעץ — אָבער אינמיטן דערינען קומען אָן היידאַמאַקעס און מען כאַפּט לייבקען און מען פירט אים צוריק צום פירשט אין הויף, און דער פריץ איז אים גראד מוחל, ווייל איר פאַרשטייט דאָך, אַז דער פירשטינס הענטל שטעקט דערינען. זי איז פאַרליבט אין לייבקען, הייסט עס.

און קורץ קורצום: איינמאָל, אינמיטן דער נאַכט, גנבעט זי זיך אַריין צו לייבקען אין צימער און זי מאָנט ליבע, ברענט פון ליבע און גייט אויס פון ליבע, און כאַטש זי איז שיין, ווי זיבן זונען און ניין לבנות, זאָגט איר לייבקע אָפּ, דערציילט איר, אַז ער האָט אַ כלה... און די פּרינצעסין קען שוין מער נישט אויסהאַלטן — און נעמט סם. און ווען דער פּריץ דערזעט, וואָס לייבקע האָט געמאַכט פון זיין טאָכטער, וויל ער אַ לעבן פּאַר אַ לעבן, און ער באַגראָבט לייבקען לעבעדיקערהייט. און לייבקע ווערט אַ קדוש...

דאָס איז די לעגענדע, ווי סעקלער האָט זי געפונען. אַזוי זאָגן די, וואָס קענען די לעגענדע... אָבער אין שפּיל איז די לעגענדע אַוועקגעפלויגן. און ווען מאַרק שוויד דערציילט נישט אין פּראָלאָג און עפּילאָג, מיט אַ הירשביין-שטימע, אַז דאָס איז אַ לעגענדע פון דעם קדוש לייבקע, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז דאָס איז אַ פּשוטע מעלאָדראַמע אָדער אָפּערעטע פון יידישן טעאַטער, וועלכע איז צוליב דעם, וואָס זי ווערט געשפּילט אין קונסט-טעאַטער, אויסגעטאָן געוואָרן פון די „געזענגע, טענצע און מערשע"... און זי איז הויל-נאַקעט.

סך-הכל: ווי „יזכור" איז רעזשיסירט און געשפּילט געוואָרן — טויג עס נישט.

די הויפּט-ראָלע פאַלט אויף לייבקען. שפּילט עס גערמאַן. שאול ראַסקין, אַ קריטיקער, און יעקב מאַרינאָוו, אַ רעדאַקטאָר, זאָגן אַפילו, אַז ס'איז גוט. איך וואָלט זיי שוין געטאָן די טובה און מיט זיי שוין איינגעשטימט — קען איך אָבער נישט. פאַר מיר איז לייבקע נישט איבערצייגנדיק, אים פעלט בלוט סיי פון מחברס צד, סיי פון גערמאַנס צד. מען זעט, אַז ער האָט געקענט ווערן אַ העלד — אָבער עס ווערט זיך נישט. מען זעט, אַז ער וויל נישט די פירשטין — אָבער עס גלויבט זיך נישט... ווען ס'איז אַ ישיבה-בחור, וואָלט מען געקענט לייכט גלויבן, אָבער לייבקע דער „גוי", דער, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט שיקסעס, איז נישט גענוג מאָטיווירט... עס האָט באַדאַרפט מאָטיווירט ווערן טיפער, שטאַרקער, איבערצייגנדיקער. אין דער לעגענדע גופא איז עס מן הסתם דאָ. אָבער נישט סעקלער און נישט גערמאַן האָבן עס אונז געוויזן. זיי האָבן ביידע נישט געקענט דערהייבן לייבקען און מאַכן פון אים דעם יידישן העלד-מאַרטירער — נישטאָ קיין כוח!

ביי דער סצענע מיט דער פרינצעסין האָט לייבקע אויסגעקוקט פּשוט ווי אַ שוטה, און נישט מער...

נאָך ערגער, ווי לייבקע-גערמאַן, מאַכן קאַליע די לעגענדע דער פּירשט און די פּירשטין: ווייזענפּריינט און גערסטין. און גערסטין, אַלס פּירשטין, האָט מן הסתם נישט געוואָלט פאַרשעמען איר טאַטן דעם פּירשט (ווייזענפּריינט) און זי איז געווען פּונקט אַזוי אַ נ י ש ט-פּירשטין, ווי ער אַ נ י ש ט-פּירשט...

נאָך ערגער שבערגער איז געווען מייזעל אַלס דער הויף-מייס-טער. ער האָט גיכער געשפּילט אַ שמש פון אַ שול. אַפילו די מאַסן-סצענעס טויגן אויך נישט אין „יזכור". ס'זענען מאַסן-סצענעס אָן מאַסן.

דאָס בעסטע האָט געשפּילט דער היידאַמאַק — אויף דער האַר-מאָניע. און רובין — אַלס בער...

„יזכור" דערמאָנט אַ היבש ביסל אויך אָן יוסף און פּוטיפרעס ווייב. אויך דאָ, ווי דאָרטן, וויל ז י, נאָר ע ר וויל נישט. אָבער דער אַמאָליקער יוסף איז קלוגער און פאַרשטענדלעכער: פּוטיפרעס ווייב איז, ערשטנס, געווען אַן אשת-איש, און אַן עלטער ווייבל. אָבער דער יוסף-לייבקע פון „יזכור" האָט אַ פּוטיפריכע-העלענע, אַ מיידל, אַ קראַסאַוויצע, און אַ יינגערע פאַר אים, און איר פאַרשטויסן מוז מען זיין אַ שוטה... און כאָטש עס איז אַ שוטה פון אַ לעגענדע, איז אים אויך שווער מוחל צו זיין אַזאַ נאַרישקייט...

אין „יזכור" איז דאָ אַ היבש ביסל יידישקייט. מען זאָגט תהלים, מען גייט אויפן בית-עולם, מען מאַכט הבדלה, מען זאָגט „גאָט פון אברהם, מען שטעלט חופּה, עס פעלט נאָך, מען זאָל דאַוו-נען מוסף, זאָגן איכה און תיקון שבועות, וואָלט עס געווען די יידישסטע דראַמע אונזערע... „יזכור" האָט אַלע נייטיקע עפעקטן צום אויסנעמען: אַ ליבע פון אַ יידישן בחור מיט אַ פּרינצעסין, אַ חופּה, מען סמט זיך, אַ בער אויף דער בינע, מען באַגראָבט אַ לעבעדיקן... עס איז מער נישט אַ חסרון, וואָס עס איז נישט אַריינגעפאַלן צו טאַמאַשעווסקין.

און וואָס שייך דעם דראַמאַטורג — איז ער זיכער סעקלער. פאַרקערט קען מען אָבער דאָס שוין נישט זאָגן אַזוי זיכער. נאָר ווען סעקלער וועט זיך איינעקשענען, קען ער פאַרקויפן דראַמען פאַרן יידישן טעאַטער.

## „דער הייליקער טיראַן“.

(אַ ראָמאַנטישע טראַגעדיע אין 4 אַקטן, פון ה. סעקלער, רעזשיסירט פון סעמועל גאָלדינבורג, אין „אירווינג פּלייס טעאַטער“).

„דער הייליקער טיראַן“ — שוין דער נאָמען אַליין איז אַ מוראדיקע שונד. עס שמעקט הויך מיט בלוט, אויך מיט די סענ-סאַציאָנעלע ראָמאַנען פון שמרס צייטן. און פאַרוואָס רופט מען עס „ראָמאַנטישע טראַגעדיע“? — איז „ראָמאַנטישע“ מן הסתם צוליב דעם, ווייל גאָלדינבורג האָט זיך ליב צו אַנאָנסירן, אַלס דער גרעסטער ר אָ מ אַ נ ט י ש ע ר  ש ו י ש פּ י ל ע ר, און אַ „טראַגעדיע“ איז עס טאַקע, און נישט איינע, נאָר גאַנצע דריי (3): אַ טראַגעדיע פאַרן פּאַרפאַסער, וואָס האָט געהרגעט אַזאַ שיינע קורצע אגדה פון דער גמרא; אַ טראַגעדיע פאַר די שוישפּילער, וועלכע האָבן, אויסער זייער שפּילן, אויך אויסגעהרגעט איינע די צווייטע, און אַ טראַגעדיע פאַר די טעאַטער-באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געמוזט דעם „הרוג“, דעם „הייליקן טיראַן“, אַרונטערנעמען אַזוי גיך פון דער בינע.

איך האָב געזען דעם „טיראַן“ און דעם „הייליקן“ דערצו. איז וואָס שייך טיראַן, האָט עס סעקלער, אַלס פאַרפאַסער, און גאָלדינבורג, אַלס שוישפּילער — ב אַ ו י ז ן, פ ו ל ק אָ ם  ב אַ ו י ז ן. יוסי איז דער גרעסטער טיראַן, גרעסער פון „יאָאַן גראָזני“ און נעראָ, ווייל ס'איז אַ טיראַן, וואָס טויט מיטן בליק. ער האָט זיינע כלי משחית נישט אין גאַרטל און נישט אין הינטער-קעשענע, נאָר אין אויג — אַ שרעקלעכער מענטש. האָט אַ גאַנצן אַרסענאַל אין אויג... אָבער וואָס שייך „הייליקער“, זעט מען עס נישט. נישט סעקלער און נישט גאָל-דינבורג האָבן עס אונז געוויזן. און הייליקייט האָט דאָרט דווקא יאָ געדאַרפט זיין, נישט אין איראָנישן זין, נאָר טאַקע אויף אַן אמת.

דאָס פעלן פון קדושה, פון הייליקייט און אמתער פרומקייט — דאָס איז דער פעלער פון דעם „טיראַן". ווען סעקלער־גאָלדינבורג וואָלטן געקענט ווייזן די הייליקייט פון טיראַן, זיין איבערערדישקייט, די הייליקע סביבה אין אים און אַרום אים, וואָלט די טראַגעדיע געהאַט אַ „פאַרוואָס", און עס וואָלט זי געראַטעוועט פון פריצייטיקן טויט...

אָבער, ווי זאָגט מען, ליידער, האָבן אי דער דראַמאַטורג, אי דער הויפּט־ראָליסט דאָס נישט באַוויזן. כאָטש וואָס איז שייך מיך, גלויב איך, אַז אין פּאָטענץ האָבן זיי עס ביידע: סעקלער האָט זיכער אינטעליגענץ, ד ר אַ מ אַ ט י ש ן ו י ל ן און ד ר אַ מ אַ ט י ש ע ט ע מ ע ס און דאָס איז אויך אַ גרויסער ענין. אָבער אים פעלט אַ פּאָעטישער טאַלאַנט, אָן וועלכן אַ דראַמאַטורג קען קיין קינסטלערישער דראַמאַטורג נישט ווערן. אים פעלט אויך הומאָר צו זיינע טראַגישע טעמעס...

אויך גאָלדינבורג איז סיי אין פּאָטענץ, סיי אין וואוקס און אין סטיל פּאַסיק צו שפּילן טראַגיש־העראָישע ראָלן און שפּילן זיי אפשר אויך טאַקע עכט ליטעראַריש־קינסטלעריש — אָבער ער מוז זיך הייליקן פריער, כאָטש אַזוי ווי אַ פאַרזינדיקטער שרייבער, וועלכער דאַרף אָנקומען צוריק אין „פאָרווערטס". ער מוז זיך אָפּוואַשן פון דער שונד־בלאָטע, פון סאַניניזם, פון גרינג נעמען אי זיך, אי דאָס פּובליקום. אים פעלט דער ג ר ו י ס ע ר ע ר נ ס ט, וועלכער מאַכט אַפילו גרויס דעם קלענסטן שוישפּילער...

ה. סעקלער האָט גענומען אַן אמורא פון ארץ ישראל, וועגן וועגן וועלכן די אגדה האָט איינגאַנצן בלויז 15–20 שורות און ער האָט דערפון אויסגעטראַגעדיעוועט אַ גאַנצע 4־אַקטיקע טראַגעדיע.

דאָס באַווייזט זיין כוח, זיין פאַנטאַזיע, זיין מוט, זיין פאַרמעסטן זיך, און דאָס איז שוין אַ מעלה און אַן אויפטו, אָבער סעקלערן האָט געפעלט קראַפט און פאַנטאַזיע און ער האָט זיין טראַגעדיע נישט געגעבן קיין סביבה, קיין ריח פון יענער צייט, קיין קלאָרע יידישע געשטאַלטן. און ס'איז אַרויס אַ מיסגעבורט: אַ ראָמאַנטישע טראַגעדיע, וועלכע קען זיך גיכער אָפּשפּילן אין סיציליע, איידער אין ארץ ישראל. עס איז אַרויסגעקומען אַ ר' יוסי מן יוקרת, וועלכער האָט אַ סך בעסער געדאַרפט הייסן פערדינאַנדאָ דעקארלא. לויט ווי סעקלער האָט ר' יוסין אָוועקגעשטעלט, איז עס אַ סיציליאַ-

נער תּלמודיסט, אַ היינטיקער פּאַשיסט, אַ מוסאָליני מיט אַ מעסער, אָנשטאָט אַ גמרא...

ר׳ יוסיס גרויסע מאָראַלישקייט, דערהייבנקייט און גייסטיקע געשטאַלטיקייט האָט אונז סעקלער נ י ש ט געצייגט. זיין מערדעריש־קייט — יאָ; ר׳ יוסיס מלחמה מיטן קריסטנטום זעען מיר נישט, נאָר דערפאַר זעען מיר זיין מלחמה מיט די אויגן אלאַ ראַספּוטין. דעם מענטשן זעט מען נישט אין דעם „ערצאָל״ פון גייסט און למדנות, נאָר אין דעם ליכט פון אַ כּישוף־מאַכער, וועלכער טויט מענטשן מיט אַ בליק.

און ס׳איז אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אַ מענטש, וואָס האָט זיך אליין באַנוצט מיט אַזאַ טריפער קראַפט, ווי היפּנאָטיזם, און געטויט זיין זון מיטן כּישוף פון זיינע אויגן פאַר דעם, וואָס יענער האָט אויך מיט כּישוף געמאַכט צייטיק פייגן פאַר דער צייט, כּדי צו שפּייזן זיין טאַטנס הונגעריקע אַרבעטער...

און אין דער אגדה שטייט נישט, אַז ער האָט געטויט מיט כּישוף, מיט היפּנאָטיזם, נאָר אַז ער האָט פאַרשאָלטן זיין זון — דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. שעלטן איז אַ יידישע זאַך, משה רבינו האָט אויך געשאָלטן... דאָס איז אומשעדלעך, אָבער טויטן ממש, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש...

און דאָסזעלבע איז אויך נישט באַרעכטיקט, פּסיכאָלאָגיש נישט גוט מאָטיווירט דער טויט פון זיין טאָכטער. לויט דער גמרא־לעגענדע, איז עס זייער אַ שיינע און אַ קורצע. דאָרט דערציילט זיך: ר׳ יוסי בן יוקרת האָט געהאַט זייער אַ שיינע טאָכטער. איינמאָל האָט ער דערזען איינעם אַ מענטשן, וועלכער האָט געמאַכט אַ לאָך אין פּלויט, כּדי אָנצוקוקן זיין טאָכטער. האָט ר׳ יוסי אים געפרעגט: וואָס טוסטו עס? האָט יענער אים געענטפערט: רבי, אויב חתונה האָבן מיט איר בין איך נישט זוכה, זאָל איך אויך נישט זוכה זיין זי אָנצוקוקן? האָט ר׳ יוסי געזאָגט צו זיין טאָכטער: „טאָכטער! דו פאַרשאַפסט צער מענטשן. שטאַרב, און זאָלן צוליב דיר מענטשן נישט געשטרויכלט ווערן״. אָבער פון זאָגן „שטאַרב״ ביז מאַכן אליין צו שטאַרבן—איז אַ גרויסער מהלך. דאָרטן, אין דער לעגענדע, איז דאָ פאַנאַטישע פרומקייט, אַן אידעע פון גרויס רחמנות אויף מענטשן, לעגענדאַרע שיינקייט. אָבער לויט סעקלערן איז עס נישט מער, ווי רציחה. און

דער עיקר — ער הרגעט זי ממש. און דערצו נאָכדעם, ווי ער האָט שוין געהרגעט זיין תּלמיד, דעם שלעפּער.

רעזיומע: גאָלדינבורג האָט, אַלס ר׳ יוסי, נישט אויסגעקוקט ווי אַ תּנא, אַפילו נישט ווי אַן אמורא, נאָר גיכער ווי אַ פּאַרקליידטער סאַנין, וועלכער איז אויך טיילווייז אַ יאָאַן גראָזני און טיילווייז אַ ראַספּוטין.

די טראַגעדיע איז נישט קיין תּלמודישע און ארץ־ישראלדיקע, נאָר אַ סיציליאַנישע. און מער פון אַלץ — אַ געשיכטע פון דער אונטער־וועלט, פון גענגסטערס, מערדער, מכשפים מיט הריגות און רציחות; אַ זאַלאָטאַרעווסקי־דראַמע, אויסגעבעט מיט גמרא און אונ־טערגעבעט מיט ניצשעאַניזם, העברעיזם, אַרציבאַשעוויזם, קטרת, מליצה און סאַדיזם אַלאַ פּשיבישעווסקי... און בכלל איז עס נישט קיין דראַמע, נאָר אַ מאַסן־מאָרד.

און אַפילו מוני ווייזענפריינטס ראָלע, וואָס האָט געדאַרפט זיין דאָס ביסעלע פיינקייט, מחילהדיקייט, באָסיאַקישקייט און ברייט־מענטשישקייט אין דער דורכאויס פינסטערער מאָרד־דראַמע, איז אויך נישט געלונגען: עיליש, דער נזיר, וואָלט געווען אַ פיינע געשטאַלט, ווען מאַקסים גאָרקי, דער טאַטע פון „לוקאַ״, און נישט סעקלער, וואָלט אים אַריינגעלייגט קלוגע רייד אין מויל...

און וואָס איז וועגן דער קונסט־זייט פון דער אויפפירונג? — גאָרנישט. עס איז געווען די געוויינלעכע אויפפירונג מיט דעם איי־ביקן בוים און שטענדיקן אומפאַרמיידלעכן הימל... מען האָט געוואָלט אין „אירווינג פּלייס טעאַטער״ געבן קונסט כאָטש אַלאַ מאָריס שוואַרץ, אָבער מער ווי די באַמערקונג אויף דער פּראָגראַם, אַז „כּדי נישט צו שטערן די אילוזיע, וועלן די שוישפּילער זיך נישט פאַרנויגן ביז נאָכן לעצטן פאָרהאַנג״ — האָבן די קונסט־ליבהאָבער אין „אירווינג פּלייס טעאַטער״ נישט דערוויזן צו געבן...

# „ב ר ו י ט".

(קאָמעדיע אין דריי אַקטן מיט אַ פּראָלאָג, פון אָסיפּ דימאָוו אין „יידישן קונסט-טעאַטער").

ווייל איך וויל ליבן דימאָווס „ברויט", וויל איך אָנהייבן מיט דימאָווס חסרונות.

אָסיפּ דימאָווס חסרונות, אויסער זיין שטענדיקן חסרון, וואָס ער הייסט אָסיפּ, איז, ערשטנס, זיין לייכטקייט.

נישט זיין לייכטער פילאָזאָפישער בליק אויף לעבן, זאַכן און מענטשן, אויך נישט זיין לייכטער הומאָר — דאָס זענען מעלות. דער חסרון איז זיין אייגענע לייכטקייט. די לייכטע באַציונג זיינע צו זיין פילאָזאָפיע, צו זיין הומאָר.

אַ כלל: אַ מענטש, וועלכער זאָגט וויצן, דאַרף פון זיינע אייגענע וויצן נישט לאַכן. ער דאַרף שטיין איבער זיינע וויצן. אַ מענטש, וועלכער שרייבט לייכט (וואָס דאָס איז אַ גאָטס מתנה), דאַרף זיין לייכט שרייבן דווקא נעמען שווער. אַזאַ שרייבער מוז אַליין זיין שווערער, ווי זיין שטאָף, כּדי די לייכטקייט זאָל אים נישט אַריינ-שלעפּן אין דער פּוסטקייט אַריין.

דימאָוו אין זיינע דראַמאַטישע שאַפונגען פילט זיך גלייך לייכט מיט זיין לייכטקייט. און ס'איז אַ שאָד. מיט אַ קאַפּיטשקע מער שווערקייט פאַר זיך אַליין וואָלט דימאָוו געוואָרן פאַר דער יידישער בינע דער מאָדערנער מאָליער.

צווייטער חסרון: דימאָוו האָט שטענדיק אַן אידעע, אָדער אידעעלע, אָפט אַן אייגנפּאַל וואָס קוקט אויך אויס, ווי אַן אידעע, אָבער די קאַטאַסטראָפע זיינע איז, וואָס ער פאַרטיפט נישט זיינע אידעען. דימאָוו כאַפּט אַן אידעע לייכט, שפּאַצירנדיק, און אָט אַזוי

לייכט שפּאַצירנדיק לאָזט ער זי אַרויס אויף דער וועלט. אַן אידעע טאָר מען נישט אַרויסלאָזן נאַקעט. אַן אידעע מוז מען אָנקליידן, פאַרקליידן, באַמאַנטלען, אָבער דימאָוו שטופּט אַרויס זיינע אידעען נאַקעט און זאָגט זיי: גייט און קערט וועלטן! — גייען זיי און פאַרקילן זיך (ווייל דער טעאַטער-סעזאָן איז דאָך אַ ווינטערדיקער).

און צוליב אָט די הויפּט-חסרונות דימאָווס פעלט אין זיינע דראַמאַטישע אַרבעטן — גאַנצקייט, פאַרענדיקטקייט.

און איצט צו די מעלות:

דימאָווס מעלות זענען (חוצדעם, וואָס ער איז אַליין אַ ביאַליסטאָקער) זיין גוטמוטיקייט, ליבלעכקייט און ראַפינירטקייט. דימאָווס מענטשן זענען אַלעמאָל פון בעסערן מין מענטש. זיינע מענטשן זענען פילאָזאָפן, וואָס זענען, פאַרשטייט זיך, נישט דערצויגן געוואָרן אויף זשיטלאָווסקיס „פילאָזאָפיע". — דימאָווס מענטשן האָבן „לעבנס-ווייזהייט" און דערצו זענען זיי יידישע פילאָזאָפן, גם-זו-לטובהניקעס. אַזוי פון „בראָנקס עקספּרעס" ביז „ברויט".

און חוץ די מענטשן, זענען דימאָווס וויצן אויך פון אַ באַזונדער מין. די הויפּטזאַך — זיי זענען דימאָווס. מען קען זיי דערקענען. אָפט זענען זיי שוואַך. און ביי אַן אַנדערן וואָלטן זיי אפשר גאָר קיין וויצן נישט געווען, אָבער אין דימאָווס מויל ווערן זיי וויצן.

און איצט לאָמיר מאַכן „המוצא" אויף „ברויט":

דימאָווס „ברויט" איז אַ קאָמעדיע מיט אַלע חסרונות און מעלות פון אונזער דימאָוו.

דער חסרון פון דימאָווס „ברויט" איז, וואָס עס איז צו לייכטוואָגיק. געדאַרפט עס האַלטן מער אין שפּאַנונגס-אויוון... די מעלות אָבער וועגן אַריבער.

„ברויט" איז אויך אַ פּיעסע מיט אַן אידעע, ווי אַלץ וואָס דימאָוו שרייבט. אָבער די אידעע האָט נישט אויפגעגעסן די קאָמעדיע. ווען דידאָזיקע אידעע פון „טיילן ברויט פריי" פאַלט אַריין, למשל, צו קאָבריגען, וואָלט דערפון געוואָרן אַ מין „שונאים". לאַנדסלייט וואָלטן זיך ביי אים געממיתט. עס וואָלט געוואָרן אַ טראַגעדיע מיט אַ סאָציאַליסטישער טענדענץ. און ווען דימאָווס אידעע קריגט אַריין לייוויק, וואָלט פון די ביאַליסטאָקער בעקער געוואָרן וועלט-בעקער, און עס וואָלט זיך אויסגעבאַקט אַ סימבאָליש-רוי „ברויט", וועלכן עס וואָלט געקענט פאַרדייען נאָר אַ ניגער... ביי דימאָוון

ער איז געוואָרן בלויז ברויט. אמת, נישט קיין וועלט-קאָמעדיע, אָבער דערפֿאַר אַ ליבלעכע זאַך. זאָל זיין אַ לאַנדסלייט-קאָמעדיע, אַבי ס'איז אויסגעהאַלטן.

זאָל איך אייך איבערגעבן דעם סיוזשעט? ווי איר ווילט!

אַ ייד, אַ בעקער-אַרבעטער פֿון ביאַליסטאָק, האָט אַן „אידעע-פֿיקס", אַז פֿאַר ברויט טאָר מען נישט נעמען קיין געלט, אַז ברויט מוז זיין פֿריי פֿאַר אַלעמען, ווי דאָס ליכט פֿון דער זון. נו, קומט דערדאָזיקער וואוילער בעקער אין אַמעריקע, אַרבעט זיך אַרויף אויף אַ רעסטאָראַן אין קוני איילענד און הייבט דאָרט אָן דורכצופֿירן זיין „פֿריי-ברויט-אידעע" אין לעבן, און דאָ קומט ער אין צוזאַמענשטויס מיט דער ווירקלעכקייט. ס'שטערן אים די באַלע-באַטים פֿון אַנדערע רעסטאָראַנען, ס'שטערט אים די בעקער-יוניע, אָבער ער, דער ביאַליסטאָקער פּשוטער מענטש, קעמפֿט גוטמוטיק, ליבלעך, ביז ער קומט צו באַנקראָט...

דאָס איז דער הויפּט-סיוזשעט. דאָס איבעריקע איז זייטיקע זאַכן, ליבלעכע זאַכן, אָבער נישט קיין עיקר.

פֿאַר מיר איז דער עיקר חידוש פֿון „ברויט" שמערל נאָוואַק. עס איז אַ ליבע געשטאַלט. אַן אַנדערער אויף דימאָווס פּלאַץ וואָלט זיכער געמאַכט פֿון שמערלען אַ טראַגישע פֿיגור און געבראַכט אים צו זעלבסטמאָרד, אָבער דימאָוו, דער גוטמוטיקער בטבע, טוט עס נישט. ער וויל איבערהויפּט נישט הרגענען קיין מענטשן און בפֿרט נאָך אַ לאַנדסמאַן, אַ ביאַליסטאָקער. און שמערל נאָוואַק בלייבט לעבן און ער וועט מן הסתּם ווידער גיין אין געשעפֿט צוזאַמען מיט זיין „אידעע" „פֿריי-ברויט".

איר ווילט מיך פֿאַרשטיין, צי נישט? דער עיקר, וואָס מיר געפֿעלט אין דער קאָמעדיע, איז נישט די אידעע פֿון טיילן ברויט. איך האָב צו דער אידעע גאָרנישט, אָבער ס'איז נישט געפֿערלעך. דער עיקר, ווי געזאָגט, געפֿעלט מיר דער ייד שמערל נאָוואַק אַליין.

דערדאָזיקער שמערל איז אַן אויפּטו. עס איז צום ערשטן מאָל אויף דער יידישער בינע דאָ אַן אַמעריקאַנער ייד מיט געוויסע פּרינציפּן. צום ערשטן מאָל, וואָס איך זע אַ יידישן ייד אין אַמע-ריקע. אַ ייד, וואָס האָט ליב אַמעריקע און איז דאָך טריי זיך. אַ ייד אין היגע דריי-ביזנעס און מיט היימישן יושר. אַ ייד, וואָס איז אַ באַלעבאָס און ליבט דאָך די יוניע...

שמערל, אויב איר ווילט, איז דער סינטעז פון דער אלטער היים און אמעריקע. ביז איצט האבן מיר געזען אמעריקאנער יידן, אדער קאמישע פארשוינען: „קענדי סטאר קיפערס", אדער רעוורענדס, דערשלאגענע ארבעטער אדער ברוטאלע לענדלארס. דימאוס שמערל־סעם — איז גאר אן אנדער מין ייד.

און מאריס שווארץ האט די ראלע פון שמערל־סעם פארשטאנען. זייער געלונגען פארשטאנען. ער האט אים כמעט באשאפן אט דעם אמעריקאנישן יידן, ער האט אים תופס געווען מיט זיין גאנצער ביאליסטאקער היימישקייט, מיט זיין גוטמוטיקער עקשנותדיקייט און ליבלעכער איראנישקייט. ווי פיין שווארץ זאגט עס ארויס דאס ווארט: „נארישע יידענע, ער מוז דאך אזוי רעדן!" א גרויסארטיק ווארט און מיטן ריכטיקן טאן ארויסגערעדט. שווארץ קען באמת שמערלען צורעכענען צו זיין גאלעריע איינגעגעבענע טיפן.

נאך שווארצן קומט א ליוב־געזאנג קעשירן. זיין רעאן טשארני, דער יוניאן־דעלעגאט, איז מער ווי איינגעגעבן. זיין טיילן יוניע־ביזנעס מיט לאנדסמאניזם איז אויסגעצייכנט ארויסגעבראכט. קעשירן פעלט בלויז צו דער גאנצקייט פון בילד דער דיקער ציגאר אין ווינקל מויל — נאר גארנישט...

קורץ: „ברויט" איז א לאנדסלייט־קאמעדיע און נישט קיין וועלט־קאמעדיע, פריינט מוקדוני, און הלוואי האבן מיר א סך אזעלכע לאנדסלייט־קאמעדיעס! נאך בערקאוויטשעס „לאנדסלייט" קומען איצט דימאווס ביאליסטאקער לאנדסלייט. זיי דארפן ווערן רעפערטואר־פיעסן.

דימאוס „ברויט" דארף מען אפשר א ביסעלע ארומשניידן, די פארברענטע זייטן געוויס. די קלייען אויך ארונטערנעמען און מען קען עס עסן מיט אפעטיט.

„ברויט" איז גוט אפילו, ווען ס'איז נישט קיין קונסט און ליטעראטור.

געשכהפלט: „ברויט", גלויב איך, וועט גיין, ווייל עס מוז געפעלן ווערן דעם פאלק, וואס איז אין תוך א פאלק פון לאנדסלייט.

## „דער בלוטיקער געלעכטער“.

(הינקעמאַן).

(אַ טראַגעדיע אין דריי אַקטן פון ערנסט טאָלער, יידיש פון ליליפוט, אין „יידישן קונסט-טעאַטער“).

„דער בלוטיקער געלעכטער“ איז נישט קיין סאָציאַלע דראַמע און נישט קיין רעוואָלוציאָנערע מאַכערייקע פון דעם מין פון „ווילן פון פאָלק“, נאָר גיכער אַ מעדיצינישע דראַמע און אַ האָספּיטאָל-טראַגעדיע.

ווען מען נעמט אַוועק דעם העלד הינקעמאַן אין האָספּיטאָל אָדער ווען מען לאָזט אים נישט אַרויס פון האָספּיטאָל — וואָלט די טראַגעדיע הינקעמאַן נישט געווען...

ווייל הינקעמאַן, איז ווי מיר דאַכט, גאָרנישט קיין העלד פאַר אַ דראַמע, כאָטש מען האָט צו אים צוגעשטוקעוועט אַ גאַנצע וועלט-מלחמה, מיט איבערגעבּיסענע העלזער פון מייז, פּונקט ווי יעדער אַנדער קראַנקער און קאַליקע איז נישט קיין העלד פאַר אַן אמתער דראַמע.

ווייל אמתע דראַמע איז נאָר דאָרט, וואו די דראַמע וואַקסט אַרויס פון אומדראַמאַטישקייט, פון אַ געזונטן צושטאַנד, אָבער קראַנקהייט איז שוין אַ פאַרטיקע טראַגעדיע פאַר זיך אַליין, און וואָס קאָן מען דאָ דראַמאַטעווען?..

אַ מענטש אַ חולה, אַפילו אַ יעוונוך, דאַרף גיין אַן אַ זייט, מוז זיך שטעלן אָן אַ זייט פון לעבן, ווי פון דער בינע.

מעג מען עס רופן אַפילו אכזריות, אָבער ס'איז נאַטירלעכער אכזריות, ווען אַ קראַנקער פאַרביטערט דאָס לעבן פון געזונטע.

און אַפילו דאָס לאַכן, וואָס דאָס ווייב און די חברים פון הינקעמאַן, פונקט ווי דאָס פובליקום אין טעאַטער, לאַכט ביי דער טראַגעדיע, מעג אויך זיין אומגערעכט.

עס מעג זיין אומגערעכט — ווייל דאָס איז די אייביקע אומגערעכטיקייט פון לעבן. און ווען נישט דידאָזיקע אומגערעכטיקייט, וואָלט קיין לעבן נישט געווען...

ווייל אייביק וועלן מענטשן לאַכן פון מענטשלעכע פעלערן און דערהויפּט פון אימפּאָטענץ, מעג אין דערדאָזיקער אימפּאָטענץ אַפילו זיין שולדיק אַ גאַנצע וועלט-מלחמה...

בלוטיק איז דער געלעכטער אויף די הינקעמאַנס, אָבער דאָס לעבן קוקט נישט אויף דעם, און דאָס באַווייזט, אַז דאָס לעבן איז אין פּאָטענץ געזונט און וויל נישט הינקען...

און דערפאַר גלויב איך, אַז די טראַגעדיע הינקעמאַן דאַרף בלייבן אין בוך.

לייענען עס פאַר זיך, ביחידות, איז עס אַ טראַגעדיע, קען עס אַ מענטש אפשר מיטפילן, אָבער בציבור, אין טעאַטער—קיינמאָל נישט...

און דערפאַר גלויב איך, אַז אַזאַ טראַגעדיע ווי הינקעמאַנס טאָר מען נישט אַרויסנעמען פון שלאָפצימער.

אין שלאָפצימער איז עס אַ גוואַלדיקע טראַגעדיע, אָבער אויף דער בינע איז זי לעכערלעך, אין איר גאַנצער טראַגישקייט.

מענטשן קענען ביחידות טיף און שיין ליידן פון געשלעכט-יסורים, פון די סאַמע קלענסטע גוף-צאַפּלענישן, אָבער בקהל ווערט עס שוין מיאוס און פּלאַך...

ווייל דאָס פובליקום פאַרפלאַכט אַלע טראַגעדיעס און דערהויפּט נאָך אַ טראַגעדיע פון דעם הינקעמאַן-מין.

ווייל צוזאַמען, אין קאָלעקטיוו, האָבן מענטשן פיינט זיין חסרונדיק, שעמען זיך מענטשן צו ווייזן זייערע שוואַכקייטן...

און דערפאַר נעמט דער עולם אין טעאַטער נישט אויף דעם „בלוטיקן געלעכטער", ווי אַ טראַגעדיע, נאָר ווי אַ פאַרס...

ווייל קאָמיש איז דער מאַן, וועלכער איז קיין מאַן נישט. שטענדיק קאָמיש, און קיין מוסר וועט דאָ נישט העלפן...

הינקעמאַן איז בכלל אַ דראַמע, וואָס הינקט און נישט נאָר

ווייל ס'איז אַ מעשה פון אַ קאַליקע, נאָר אויך דערפאַר, ווייל טאָ-לער האָט זי געשטעלט אויף דריי פיס אַנשטאָט צוויי...

נאָך בעסער: אויף דריי קוליעס אַנשטאָט פיס.

ערשטע קוליע: וועלט-מלחמה.

צווייטע קוליע: פּראָלעטאַריאַט.

דריטע קוליע: געשלעכט.

עס איז אַ דראַמע אין אַ דראַמע, אַ טראַגעדיע אין אַ טראַ-געדיע, און איינע שטערט דער צווייטער. טאָלער האָט געקאָנט מאַכן אַ טראַגעדיע פון דער וועלט-מלחמה אַליין. און פון שוואַכקייט פון פּראָלעטאַריאַט אויך, און פון געשלעכט-איבל אויך — אָבער צוזאַמען איז עס צופיל...

מען ווייס נישט, וואָס איז דאָ וויכטיק, וואו איז דער צענטער...

פאַר מיר איז קלאָר, אַז טאָלער האָט דאָ געשטעלט די הינ-קעמאַן-טראַגעדיע העכער פון אַלע, און אַז ער האָט נישט געמיינט אַזוי צו פּראָטעסטירן קעגן מלחמה-אומגליק, נאָר גאָר קעגן דעם גע-שלעכטס-אומגליק.

און די הויפּט-נשמה פון דער טראַגעדיע ליגט אין דריטן אַקט, וואו הינקעמאַן שמועסט זיך דורך מיטן גריכישן גאָט פון פּריה ורביה...

דאָ שרייט אַרויס פון הינקעמאַנען דער גרעסטער פּראָטעסט קעגן דער פאַרשקלאַפונג צום גאָט פון „סעקס".

און די טראַגעדיע איז, וואָס הינקעמאַן אַליין פילט, אַז זיין געשריי איז אַן אומזיסטער און אַן אומגערעכטער, ווייל לעבן אָן געשלעכט קען מען נישט.

הינקעמאַן וויל מאַכן אַ סעקס-רעוואָלוציע — אָבער ער פילט, אַז ער איז שוואַך. ווייל לאַכן מוז מען פון אים און זיינס גלייכן... ווייל „די אורזאַך" איז אַ גרויסע אורזאַך, ווייל קיין פּראָלעטאַרישע און סאָציאַלע רעוואָלוציע קען נישט אָפּשאַפן דאָס קינד פון באַקכוס און ווענוס...

גליק פאַר אַלע מענטשן? — מעגלעך, אפשר... אָבער פאַר קאַ-ליקעס אויסגעשלאָסן... און דערפאַר איז דער הינקעמאַן-פּעסימיזם גאָר אַ געזונטער פּעסימיזם. הינקעמאַן פלעכט אַ שטריק פאַר זיין אונטערגאַנג און דאָס איז זיין גליק. ווייל קיין אַנדערן קען אים קיינער נישט געבן... ווייל ווי זאָגט ער אַליין: „איר רעדט פון

אייביקן גליק, אָבער די ווערטער זענען נאָר גוט פאַר געזונטע מענטשן!"

אמת, נאָר פאַר געזונטע. און דאָס איז אויך אונזער גליק, וואָס אונזער גליק איז נישט דאָס גליק פון די קראַנקע.

הינקעמאַן זאָגט צו דער ווייב: „שטאַרבן מוזטו, ווייל דו האָסט פון מיר אָפּגעלאַכט".

אָבער ער פאַרגעסט, אַז אויך לאַכן מוז מען, ווייל ווען דער מענטש וועט אויפהערן לאַכן פון אימפּאָטענץ — איז ער דאַן טויט...

„דער בלוטיקער געלעכטער" ווערט געשפּילט גאָרנישט שלעכט אונטער די אומשטענדן. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז מאָריס שוואַרץ איז נישט קיין דייטש, האָט ער געשפּילט די ראָלע גאַנץ יידישלעך.

די איבעריקע אַקטיאָרן שפּילן גאַנץ שפּילעוודיק.

און דאָס פּובליקום? אונזער פּובליקום שמייכלט, שושקעט זיך און לאַכט... און דאָס איז אַ סימן פון געזונטקייט, צי איר ווילט, צי איר ווילט נישט.

יידן האָבן אַ געזונטן חוש פאַר געשלעכט.

מיר זענען נישט קיין מאָנאַכן און וויירויך-פאָלק. און אַפילו די באַוואוסטע דאָקטאָר-ביכלעך האָבן אונז נישט איבערגעפּירט.

און מייז האָבן מיר נאָך אויך פיינט. יאָ, פיינט!...

און וועגן ליליפּוטס איבערזעצונג? — זי איז די איינציקע, וואָס איז דווקא נאָענט צום אָריגינאַל. פון איר פילט זיך דווקא יאָ דייטש. אָבער דאָס ביסעלע יידיש, וואָס איז דאָ, איז פון בעסערן סאָרט...

## „מענדל אין יאפאן".

(אָפּערעטע אין דריי אַקטן פון ג. ראַקאָוו, באַארבעט פון ישראל ראָזענבערג,
אין „נעשאָנאַל-טעאַטער").

חוץ וואָס פון אונזערע אָפּערעטעס קען מען לערנען די געשיכטע פון אונזער טעאַטער, זיין צושטאַנד, זיין אַנטוויקלונג און זיין פאַרגליווערונג, קען מען אויך לערנען יידישע געשיכטע: מען קען זען ווי אַזוי יידן עמיגרירן און אַסימילירן זיך...

די אַמאָליקע יידישע אָפּערעטע איז געלעגן אין קליינעם שטעטל. די היינטיקע פאָרט שוין אַרויס קיין ווין, פאַריז, אַמעריקע, קאַווקאַז, און די לעצטע שוין אַפילו אין יאַפּאַן.

אין דער יידישער נייער אָפּערעטע רייזט מען זייער שנעל. אַ פּאָר פון „פּאפּוסא" קיין יאַפּאַן איז דאָרט אַ שפּילעכל. אין דער יידישער אָפּערעטע אַסימילירן זיך יידן שרעקלעך שנעל, נעמען אָן אויף איין פוס די מנהגים פון לאַנד און פראַוועון שוין אַפילו חתונות אויפן יאַפּאַנישן אופן — אַ שרעק!

בלויז די נעמען פון די אָפּערעטע-העלדן זענען געבליבן די אַלטע, די קליינשטעטלדיקע:

כאַצקעלע, יאַנקעלע, יאָשקע, מאָטקע, חיים, ציפּע, מענדל, דבורה א. אַז. וו.

און כאָטש יידישע קינדער זענען אַזעלכע מזיקים אויף אַסימילאַציע, דאָך איז נאָך זייער אַן אַלטע אינסטיטוציע געבליבן אין דער יידישער אָפּערעטע: „די שמייס-אינסטיטוציע".

אין דער יידישער אָפּערעטע שמייסט נאָך דער טאַטע זיין טאָכטער און זי מעג אַפילו זיין אַ כלה-מיידל... און דווקא אַ טאָכטער און נישט קיין זון, ווייל עס איז אָנגענעמער פאַרן פּובליקום,

ווען מען פּראַקטיצירט עס אויף אַ פּראָוויענצימער. דאָסדאָזיקע שמייסן האָט איינגעבירגערט באָריס טאָמאַשעווסקי. כּמעט אין יעדער אָפּע־רעטע זיינער האָט ער אויפגעהייבן די הויזן און אָפּגעשמיסן אַ יידישע טאָכטער.

„נעשאָנאַל־טעאַטער" האָט איבערגענומען פון טאָמאַשעווסקין, צו־זאַמען מיטן טעאַטער, לעבעדיעוון און בעסי ווייסמאַן — אויך דעם מנהג פון שמייסן און הייבן די הויזן... (נאָטאַנזאָן, נעבעך, מוז עס טאָן!)

לויט דער יידישער אָפּערעטע זענען מיר גאָר־גאָרנישט קיין שיין פאָלק.

מיר לעבן אַזוי לייכטזיניק־מיאוס, קרעמעריש־פּאַסקודנע, אַז ווען אַ קלוגער אַנטיסעמיט וואָלט געוואָלט נעמען אַנטיסעמיטישע באַווייזן, וואָלט ער געדאַרפט נישט זוכן אין תּלמוד, און נישט ביי יידישע באַנקירן, נאָר אין די יידישע אָפּערעטעס.

צום ביישפּיל, אין „מענדל אין יאַפּאַן" פאַרקויפט חיים דער וואַלד־ווערכטער זיין הויז און לויפט קיין יאַפּאַן. צוליב וואָס? צוליב אַ געלט־שידוך פאַר זיין טאָכטער.

פון דעם קען מען דרינגען, אַז אַ ייד האָט נישט ליב זיין פאָטערלאַנד, און בייט עס אויס איינס און צוויי אויף אַ צווייטן. געלט איז ביי אים דער עיקר.

פון „מענדל אין יאַפּאַן" קען אַן אַנטיסעמיט אויסטייטשן, אַז יידן ווייסן גאָרנישט פון קיין ליבע, אַז די איינציקע, וואָס ווייסן דערפון, איז אַ גויע, אַ יאַפּאַנערין (אַ מין קאָבּרינס „נאַטאַשאַ"...).

פון „מענדל אין יאַפּאַן" קען אַ שונא ישראל דרינגען, אַז יידן ווילן אַלץ אָפּקויפן מיט געלט, דער רייכער וואַלד־הענדלער פון יאַ־פּאַן וויל אויסקויפן זיין זינד מיט דער יאַפּאַנערין פאַר געלט...

וואָס־זשע טוט אָבער גאָט? איז די מעשה אינגאַנצן אַ פּלוידעריי.

מאַלע וואָס מען דאַרף אין אַ יידישער אָפּערעטע!

דער אמת איז, אַז יידישע טאַטעס שמייסן דערוואַקסענע טעכ־טער טאַקע נאָר — אין אָפּערעטעס.

און קיין יאַפּאַן לויפט אַ ייד — אויך נאָר אין אַן אָפּערעטע.

און מען דאַרף יאַפּאַן, כּדי צו ווייזן יאַפּאַנישע קונצן, יאַפּאַ־נישע קימאָנאָס, טעמפּלען, שירעמס א. אַז. וו. פּונקט אַזוי ווי מען

מוז, אַז דאָס מיידל פון דער אָפּערעטע דאַרף הייסן ציפּקע... כּדי נאָר מען זאָל קענען רופן: ציפּ! ציפּ! ציפּ!..

אָבער חוץ די אַלע זאַכן, איז „מענדל אין יאַפּאַן" גאָרנישט שלעכט, נישט ערגער, ווי די אַנדערע אָפּערעטעס פון דעם מין.

ווייל דער עיקר איז דען די אָפּערעטע? דער עיקר איז דאָך לעבעדיעוו און בעסי ווייסמאַן, און אַז זיי זענען דאָ, איז שוין גוט... טאַנצט זיך, האָפּעט זיך, זינגט זיך, שטיפט זיך, און יידישע קינדער האָבן הנאה...

און די מוזיק, זאָל זיין אַז נישט קיין אמתע יאַפּאַנישע, איז וואָס, אַבי זי איז פריילעך. און יידן האָבן, משמעות, ליב פריילעכע זאַכן, ווייל אַ באַוויייז — זיי קומען אין די מאַסן און פילן אָן די קאַסן, און זיי אַפּלאָדירן אפילו מיט די אָפּצאַסן...

## „ווען שטאַרבט ער?"

(קאָמעדיע פון ה. ג. טעזפעלד, אין „יידישן קונסט-טעאַטער").

אין דעם אופן פון אויפנעמען לייכטע זאַכן ביי אונז אויף דער בינע זענען אונזערע „פיינשמעקער" — רומענישע יידן, דאָס מיינט, שווערע עסער. זיי ווילן נאָר שווערע זאַכן, געשטאָפּט מיט פּראָבלעמען, מיט גרויסע סיוזשעטן. וועלט-פּראָבלעמען גיב זיי! „פאַוסט" אויף דער בינע!

און דערפאַר איז אַפילו אַזאַ עלעגאַנטע זאַך, ווי יצוורעינאָווס „הויפטזאַך", ביי אונז נישט געגאַנגען... עס איז צו לייכט... צו גרינג צום פאַרדייען...

וואָלט עס נאָך אויך נישט געווען קיין גרויסער אומגליק. זאָל זיין „שווערע עסער", אָבער זאָלן זיי שוין עסן!.. איז אָבער די צרה, אַז צו דעם האָבן זיי שלעכטע מאָגנס, קאַליקעס... און ווען מען גיט זיי שוין אַ שווערע זאַך, שרייען דיזעלבע פיינשמעקער, אַז עס נודיעט... מען קען נישט אויסזיצן... און זיי ווערן דאַן אַלע אַנאַטאָל פראַנסעס, להבדיל, וועלכער האָט נישט איבעריקס געהאַלטן פון טעאַטער...

און פאַראַן ביי אונז אַ מין „פיינשמעקער", גלאַט שטענדיק אַן אומצופרידענער, אַ ברוגזער... וועלכער, ווי עס דריקט זיך אויס גאָרקיס אַ העלד: „ער איז ברוגז אויף דער וועלט, ווי די וועלט וואָלט אים שולדיק געווען אַ רובל און אַ האַלב און גיט אים נישט אָפּ"... יענער, ווי נאָר ער דערזעט אַ לייכטערע זאַך, איז גלייך — קאַראַוול! פע! עס טויג נישט! שמוץ! אַ באַליידיקונג!

בײַ „װען שטאַרבט ער” האָט אָט דער מין אױפֿגעהײבן אַ געװאַלד, אַז מען האָט דאָ באַלײדיקט שרײַבער.

איך האָב אױך געזען „װען שטאַרבט ער?” און איך האָב דאָרט גאָרנישט געפֿונען אַזױנס און אַזעלכעס, חוץ װיציקײט און גוטמוטיקײט... אַפֿילו דער װיץ מיטן שפּײ...

גאָטעספּעלדס קאָמעדיע איז אַ לײַכטע זאַך. און אַלס אַזאַ טאָר מ׳ן זי נישט נעמען שװער... די קאָמעדיע האָט פֿעלערן. דער הױפּטפֿעלער, װאָס דער פּאָעט איז נישט אַרױסגעבראַכט געװאָרן אין זײַן ריכטיקער געשטאַלט... דער פּאָעט האָט זײַן די אײנציקע נישט קאָמישע פֿיגור אין דער שפּיל, און ער האָט געדאַרפֿט אָנשרײַבן דװקא אַן ערנסטע, פֿײַנע, ליטעראַרישע זאַך, און דער עולם האָט געדאַרפֿט װיסן, אַז ער האָט עס אָנגעשריבן און װערן אַ שותּף צו זײַן צער... װען נישט, איז דאָך גערעכט דער דירעקטאָר, מר. דרײ, װאָס ער רעזשיסירט זי און פּוצט זי צו מיט אַפֿריקאַנער פּרינצן און תּורהלעך און טערקן און באַלעט־טענצערינס... װײַל ער מוז עס דאָך טאָן. דאָס איז, װי געזאָגט, אַ פֿעלער, אָבער װאָס־װאָס, קײן מיאוסער טאָן און באַלײדיקונג אױף שרײַבער איז דאָרטן נישטאָ...

גאָטעספּעלדס הומאָר איז אַ גוטמוטיק־פּשוטער פֿון אַ גוטמוטיקן גוטן ברודער... ער טשעפּעט נישט—נישט נאָר קײן קאָלעגן, נאָר אַפֿילו קײן פֿרעמדע מענטשן. גאָטעספּעלדס הומאָר איז פֿון דעם מין יתום־הומאָר, װאָס אַז מען גיט אַ טשעפּע, קען עס זיך נאָך צעװײנען...

און דערצו איז גאָטעספּעלד סתּם אַ גוט שטײענדיקער מיטגליד פֿון י. ל. פּרץ שרײַבער־פֿאַרײן אױך... און ער װעט נישט גײן קעגן דער קאָנסטיטוציע פֿון פֿאַרײן... אָבער די הױפּט־מעלה פֿון ח. גאָטעספּעלדס קאָמעדיע איז, װאָס מען לאַכט... אַלע לאַכן!... מען זאָגט, אַז מען האָט אַפֿילו געזען ענטינען לאַכן... און װאָס װילט איר נאָך?...

גאָטעספּעלדס קאָמעדיע איז אַ שפּילעװדיקע זאַך... אינגאַנצן אָריגינעל, צי נישט — דאָס אַרט מיך נישט. די „הױפּטזאַך”, עס אַמוזירט פֿײַן, לײַכט, שפּילעװדיק און עס שאָקירט נישט. אמת, װען מען גײט אַרױס פֿון טעאַטער, טראָגט מען גאָרנישט אַרױס... אָבער דערפֿאַר טראָגט מען אױך נישט אַרױס קײן קאָפּװײטיק. און דאָס איז אױך אַ מעלה...

גאָטעספעלדס קאָמעדיע ווערט בכלל אויפגעפירט גאַנץ שפּילעוו־דיק. מאָריס שוואַרץ ד ר יי ט אויסגעצייכנט. וויזענפריינט שנעלט אויך גוט. און די איבעריקע — היימאַן מייזעל, טייטלבוים און מאַדאַם אפּעל העלפן מיט.

אַ ביסעלע שוואַכער איז מאַרק שווייד, אַלס דער פּאָעט זלמן, אָבער מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז שווייד אַליין איז אַ פּאָעט אין לעבן. און וואו האָט איר געזען, אַז אַ פּאָעט זאָל פּאָר־שטעלן גוט אַ צווייטן?!

## „דאָס ציגיינער־מיידל".

(אָפּערעטע פון יאָזעף לאַטיינער, סטיליזירט און אויפגעפירט פון יעקב קאַליך, אין סיקעד-עוועניו-טעאַטער).

„איך בין אַ ציגיינער־מיידל", זאָגט מאַלי פּיקאָן, און אויב עס איז נישט אַזוי, איז אויך נישט קיין סכנה.

יאָ ציגיינער-מיידל — נישט ציגיינער־מיידל, דער עיקר: מאַלי פּיקאָן לעבט אויף דער בינע און באַלעבט דאָס טעאַטער.

און אפשר איז זי טאַקע יאָ אַ ציגיינער-מיידל, נישט רעאַליס-טיש, נישט לויטן שאַבלאָן, נישט קיין קאָפּיע פון די גוט־באַוואוסטע ציגיינער־מיידלעך, פון אַלע קאָפּע הייזער און באַלאַגאַנען, און אַפילו נישט פון קאָנראַד בערקאָוויסיס ציגיינער-מעשיות — נאָר אַ ציגיינער-מיידל, אַ געגנבעטע, אַ יידישע, אַ געמאַלי-פּיקאָנטע — פול מיט חן, שטיף און קינדישקייט. און מער ווי אַלץ ליב...

וואָס מער איך זע פּיקאָן אין נייע ראָלן — געפעלט זי מיר אַלץ מער אין איין ראָלע: מאַלי... און דאַן בין איך איבערצייגט, אַז מאַלי דאַרף איבערהויפּט גאָרנישט קיין פּיעסן, ווייל די גרעסטע, בעסטע און שטענדיק-נייסטע פּיעסע — איז מאַלי אַליין...

פּיקאָן דאַרף נישט מער ווי אַן אויסרייד, צו ווייזן זיך אויף דער בינע. און דער אויסרייד מעג אויך זיין אַ פּיעסע פון לאַטיי-נער, סטיליזירט פון קאַליך... פּיקאָן דאַרף בלויז אַרום זיך האָבן אַקטיאָרן און פּאַר זיך אַן עולם — און זי שפּילט שוין, זי שאַפט און צויבערט... און זי פאַרשפּרייט חן און ליבלעכקייט...

מאַלי פּיקאָן איז אַ גאָט-געבענטשטע, מאָדנע גליקלעכע קאָמ-בינאַציע:

אַ סוברעטין — און אַ צנועה צוזאַמען.

דאָס טרעפט איינמאָל אין אַ יובל... ווייל מאַליס הויפּט־כאַראַק־טערשטריך איז צניעות. צניעות, וואָס קומט נישט פון שולחן־ערוך, נאָר פון קינדישקייט.

מאַלי פּיקאָן איז אַ סוברעטין מיט גרענעצן.

און דאָס איז אויך אַן אויסנאַם ביי אונז.

ווייל דער גרעסטער טייל פון אונזערע סוברעטינס ווייסן נישט פון קיין גרענעצן, צאַמען און מאָסן...

יענע, ווען זיי ווערן וואולגאַר, איז עס נאָך מיט אַ „ווערך”... ווען זיי טאַנצן, איז נישט צוליבן טאַנץ, נאָר כדי צו טיילן דעם עולם נאַקעטע קערפּער־„סואווענירס”.

מאַלי אַנטדעקט אַלעמאָל נייע קונציקע שפּרונגען—אָבער דער־ביי דעקט זי זיך נישט אָפּ.

מאַלי קוליעט זיך — אָבער ווי איינגעהילט אין אַ שלייער.

מאַלי וואַרפט אַרונטער אפילו דאָס קלייד און בלייבט שטיין כמעט נאַקעט — אָבער ווי אַ קינד.

אַ וואונדער איבער וואנדער, ווי אַט די מאַלי קאָן זיין אַזוי פאַרשידנאַרטיק און פילגעשטאַלטיק.

אָט שפּילט זי אַ ציגיינער־מיידל, אַן לייב און פלייש, בלויז מיט די כשרע יידישע אויגן.

און זי באַצויבערט, אָבער נישט מיט די גוט־באַקאַנטע ווייבער־שע מיטלען.

און אָט ווערט זי גאָר אַ בער, אזן אויך דער בער איז נישט אַבי ווער...

עס איז מאַלי און אַפילו, אַלס בער, איז זי נישט גראָב און נאַרישעוואַטע...

און אָט איז זי אַ שיכּורע... אָבער זי פאַרשיכּורט בלויז מיט חן...

און אָט ווערט זי אַ פּענסיאָן־מיידל, אין ברילן, און דאָ איז זי נאָך אויסגעצייכנטער, אַוודאי בעסער, ווי אַלס בער און אפשר אויך, ווי אַלס ציגיינער־מיידל...

און אָט שטיפט זי סתּם. און אָט ווערט זי ערנסט און קלאָגט אויף איר עלנט און „ביסעלע גליק”.

און פון איין ראָלע צו דער צווייטער פליט זי אַריבער גרינג־שטיפעריש, פלאַטערנדיק, ווי אַ שמעטערלינג.

און דאָס פאָלק האָט ליב מאַלין. דאָס פּובליקום גלויבט איר,

טרויט איר, פרייט זיך מיט איר, פילט מיט אין אַלע אירע צרות און פרייט זיך מיט אירע פריידן.

דאָס גרויסע קינד, דאָס פּאָלק, האָט ליב זיין קינד, זיין מאַלי... האָט ליב אירע קאַפּריזן, איר שטיפעריי, איר צניעות, איר חן, איר קינדישקייט, אירע וויצן און לידלעך...

און עס ווערט וואַרעם אויף דער נשמה צו זען מאַלי פּיקאָן, שפּילנדיק מיט איר עולם.

און דערצו איז רומשינסקיס מוזיק אין „ציגיינער-מיידל" אַזאַ הייסע, אַ ברענענדיקע. עס ברענט, עס בריט ממש, עס נעמט דורך דאָס לייב און די נשמה.

און גלעקלעך קלינגען און הערצער קלינגען מיט. און אַלע אויגן זענען געווענדט צו דער קליינער כּישופמאַכערין...

אַ חוץ פּיקאָן, שטיפט צום בעסטן מאַקס ווילנער. אַלס „פּרענסיל", עפּעס אַ מין בראָדווייער שמענדריק... ער שפּילט אַזוי גרינגפיסיק, אַז ער טראָגט אייך ממש מיט.

און ס'פאַרשטייט זיך, אַז אויך עני טאָמאַשעווסקי איז גאָרנישט שלעכט.

די עני שפּילט דווקא דעם היפּוך פון מאַלין, מיט לייב און פלייש — נאָר זי האָט אויך איר חן.

און דערהויפּט באַוואונדערן זי די פעטע פרויען: עך, עך, אַזוי פעט, קיין עין הרע נישט—און שפּרינגט, ווי אַ ציג! „קוקט נאָר, קוקט פעני, אַי, אַי!" — אַזוי טאָרקעט איין פעטע פרוי אַ צווייטע מיטן עלנבויגן...

און וואָס מיינט איר, ס'איז טאַקע אַי, אַי!..

## לאה ראָזענס אַ ביבל־פאַרלעזונג.

(אין פרי סינאַגאָגע)

די ביבל דאַרף מען אפשר גאָרנישט לייענען — נאָר לערנען. נאָר אויב שוין לייענען, איז אינטים און נישט דעקלאַמאַטאָריש.

ווייל די ביבל איז, חוץ איר אַלטוועלטלעכקייט און גאַנגבאַר־קייט — אויך אַן אינטים ספר.

און אַזאַ ספר פאַרדינט אַטמאָספערע, נוסח, שטילקייט און אַ שטילן ניגון, אַ יידישן ניגון.

לאה ראָזען דעקלאַמירט די ביבל, ווי שעקספירן. לאה ראָזען טוט עס פאַר אַן עולם — און דאָס איז דער גרעסטער חסרון...

אָבער אויב מען זאָל צוגעבן, אַז מען מוז די ביבל דעקלאַמירן, טוט עס לאה ראָזען מיט זייער אַ גוטער שטים, פיינער דיקציע און שיינער האַלטונג.

אמת, לאה ראָזען וואַריאירט ווינציק וואָס. און איר תהלים און ישעיהו און יחזקאל (וועלכער איז כאָטש אַ נביא, אָבער דאָך אַזאַ אַנדערער, ווי ישעיהו) און קהלת קומען ביי אים אַרויס כמעט אויף איין נוסח, מיט איין געשריי־טאָן. און אַלע צוזאַמען־כמעט ווי די גויע אין „פעטער דעם גרויסן”. אָבער אין „פעטער דעם גרויסן” איז זי מיר אויך געפעלן...

נאָך אַן אויסזעצונג פאַר מיר איז לאה ראָזענס זיצן בשעתן לייענען.

עס איז נישט קיין געלונגענע פאָזע.

דעם איינציקן אין דער ביבל, פאַר וועלכן ס'איז פאַסיק אַ זיץ־פאָזע, איז איוב, אָבער ביי ישעיהו און יחזקאל פאָדערט זיך צו שטיין.

אַ נביא איז מיט אַלע זײַנע גרויסקייטן דאָך אַ רעדנער, און אַ רעדנער זיצט נישט. פילאָזאָפן זיצן, איובס זיצן (אין געהאַקטע צרות), אָבער נישט קיין ישעיהוס...

און וואָס שייך קהלת, איז פאַר דעמדאָזיקן פּעסימיסט און הבל-הבלימניק די בעסטע פּאָזע גאָר אַ ליגנדיקע...

און אַפילו צו שיר-השירים דאַרף מען אויך שטיין, און נישט שטיין, נאָר שוועבן, פלאַטערן, ווי אַ טויב...

אָבער ראָזען האָט איין פּאָזע פאַר דער ביבל — זיצן.

אויך בין איך נישט פאַרליבט אין לאה ראָזענס שרייען און גוואַלדעווען.

אַפילו ביי שמשונען דאַרף מען אויך נישט מאַכן אַזאַ גוואַלד. גיבורים שרייען נישט, ווען זיי דערלאַנגען קלעפּ אַפילו...

און אַפילו אַ דעמפּסי רעדט שטיל מיט זיין געליבטער...

שטאַרקייט פון שטימע מיינט נאָך נישט מאַכן קולות. שאַליאַפּין איז שטאַרק-שטימעדיק אַפילו אין זיין פּיאַניסימא.

אָבער אפשר קאָן מען נישט איבערגעבן דעם כּוח פון די נביאים אָן קולות? — איז אויך פאַרפאַלן.

און נאָך אַ זאַך דאַכט זיך מיר: אַז מיט די נביאים טאָרן בכלל נישט צרויסטרעטן קיין ווייבער, מעגן זיי זיין אַפילו אַזעלכע בריות, ווי לאה ראָזען.

ישעיהו דאַרף לייענען אַ באַס (מיט אַ סמך און נישט מיט אַ תּיו), לכל הפּחות, אַ באַריטאָן, אָבער אַ סאָפּראַנאָ, צי אַפילו אַ מעצאָ סאָפּראַנאָ איז נאָך אַלץ צו ווייבעריש פאַר ישעיהו...

און וואָס שייך תּהלים — זענען די בעסטע ווייבערשע תּהלים-זאָגער פאַר מיר נישט איבערצייגנדיק גענוג.

אַ גאַנצער טוצן ראָזענס, טריטשעס, מרים עליאַסעס און יאַאַליטס קענען מיר נישט געבן דעם תּהלים פון מיין טאַטן.

ווען מיין טאַטע (אַ ייד אַ פּשוטער) פלעגט ווינטער פאַרטאָג זאָגן תּהלים, האָב איך געפילט דעם תּהלים אויף מיין געלעגער, אויף מיין יונגן הארצן, אויף מיינע אויגן און גאַנצן וועזן. דער ניגון האָט זיך אַריינגעגנבעט אין מיר אַזוי לאַנגזאַם-אומעטיק, ווי דער אויפגייענדיקער ווינטער-פרימאָרגן אין פענסטער.

ביי ראָזענס תּהלים האָב איך געפילט דעם זייד פון איר קלייד, דעם ציטער פון די ליכט אַרום אים, דעם נאָכקלאַנג פון דעם טעמפּל

אָרגאַן פון „פרי סינאַגאָגע” — אָבער נישט דעם אַלטן און אייביק יונגן דוד-געבעט. נישט קיין תּרעומות אויף גאָט און נישט זיין רעזי-גנאַציע, נישט זיין געוויין און נישט זיין פרייד...

ווייל לאה ראָזען זאָגט נישט תּהלים, נאָר דעקלאַמירט, און דע-קלאַמאַציע איז פּונקט דער היפוך פון אמתן געבעט...

אוי, די דעקלאַמאַציע! דאָס איז דער פאַלשסטער צווייג אויפן קונסט-בוים!

פאַרגיט מיר, ליבער ראובן ברײַנין!

דעקלאַמירן די ביבל מיינט נעמען ישעיהו און יחזקאל און שטעכן זיי האַקן האַלדז...

און דאָך, מיט אַלע פעלערן געפעלט מיר פאָרט לאה ראָזען — זי איז אַ וואונדער אָן דעם ביבל-וואונדער.

זי איז רייך אין שטים. פון איר שרייט אַרויס אַ גרויסע דראַ-מאַטיסטין. אַפילו ווען איר שרייען איז נישט געזונט פאַר דער ביבל...

זי האָט אַזויפיל טאַקט און פאַרשטאַנד, און זי פאַרשטייט, אַז אויב זי קען מיט איר לייענען נישט שטעכן די ביבל אויף די פיס— איז שוין גלייכער זיצן...

און אויך דאָס איז אַ מדרגה.

# „בראָנקס עקספּרעס".

(קאָמעדיע אין דריי אַקטן מיט אַ פּראָלאָג און עפּילאָג פון אָסיפּ דימאָוו, אין „שילדקרויט-טעאַטער").

אָסיפּ דימאָווס „בראָנקס עקספּרעס" איז אַ עכט יידישע קאָמעדיע, — עכט דערמיט, וואָס זי איז אין תּוך יידיש.

כאַצקל הונגערשטאָלץ איז מנחם-מענדל אין אַמעריקע. און מנחם-מענדל איז אַ ביסעלע ברייטער גענומען, — דאָס יידישע פאָלק מיט זיינע מלמדישע חלומות, אידעאַלן, מיט זיין גייעג נאָך געלט. עס איז דער מיש-מאַש פון אונזער לעבן: אַרבעטער און סוחר, יוניע-מאַן און מעקלער (אָפּט וועלט-מעקלער), קאַרל מאַרקס און קרעמער...

כאַצקל הונגערשטאָלץ איז דער אייביקער מלמד, וואָס חלומט פון „ווען איך בין ראָטשילד". און ער פאָרט נישט נאָר אויף „בראָנקס עקספּרעס", נאָר אַפילו אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן...

דער קנעפּלמאַכער כאַצקל הונגערשטאָלץ, איז דער ייד דער פאַנטאַזיאָר, וואָס שטרעבט צו די אַלע בראָדווייס פון דער וועלט, און בלייבט ביי שרהן זיין ווייב אין די בראָנקס, אָדער בראָנזוויל.

• • •

און „בראָנקס עקספּרעס" האָט אָפּגעגליקט: ער האָט געקראָגן אַזאַ פּאַסאַזשיר, ווי רודאָלף שילדקרויט.

וואו ליגט שילדקרויטס כוח? וואו ליגט עס נישט?

שילדקרויט, אלס שוישפילער, איז א קלאס פאר זיך אליין. ער איז פון דעם גרויסן מין אמאליקע פארהיסטארישע שוישפילערישע באשעפענישן, וועלכע מען זעט שוין באלד נישט.

אט דערדאזיקער מין פארהיסטארישע שוישפילער האט שוין געשפילט גוט טעאטער, איידער נאך מען האט געוואוסט, וואס „קונסט" איז — ער האט געשפילט פשוט מיט געבוירענעם כוח, מיט גרויס טאלאנט.

שילדקרויט איז דער שוישפילער פון דעם גרויסן טראט.

שילדקרויט איז צו גרויס פאר בראנקס אליין, — כאטש בראנקס איז אויך גענוג גרויס.

שילדקרויט האט געדארפט שפילן אין א גרעסערן טעאטער, ווי זיין בראנקס-טעאטער.

ער שפילט אבער אזוי גרויס, אז ער מאכט אפילו גרעסער דאס טעאטערל.

אייך דאכט זיך, אז די ווענט ווערן פאנאנדערגעשילדקרויט און איר פילט נישט די ענגשאפט...

שילדקרויט האט אזעלכע געזונטע פלייצעס, אז ער קען אויפהייבן נישט נאר א טראגעדיע, נאר אויך א לייכטע קאמעדיע.

שילדקרויט איז פון די מזלדיקע שוישפילער: אים גלויבט מען.

שפילט ער א שיילאק, — גלויבט מען אים.

א גענגסטער-בעל-תשובה, — גלויבט מען אים.

א יענקל שאפשאוויטש, — מען האט אמונה.

אפילו דעם רב פון הירשביינס „א לעבן פאר א לעבן" — און מען גלויבט אים אויך.

און שפילט ער א קנעפלמאכער, גלויבט מען אים אויך און אויך...

שילדקרויטן פרעגט מען נישט קיין קשיות: פארוואס און פאר ווען? מען גלויבט!

זיין „כאצקל" איז נישט גרשם רובינס „כאצקל". יענער איז געווען נאר א טאלאנטפולער „כאצקל", און דער איז שוין א סימבאל אויך...

שילדקרויט האט געשפילט כאצקלען רעאליסטיש און אימפרעסיאניסטיש צוזאמען.

די אויגן, ווי אין א „טראנס", ווייט, ווייט. הויך, הויך...

אויך די האַנט זיינע האָט געחלומט, זיך געצויגן פון צייט צו צייט צום הענג־רימען אין טראַמוויי...

אָבער ווייטער האָט ער געשפּילט וואַכעדיק, מיט אָפענע אויגן, אַזוי צו זאָגן...

און חוץ אַלעם, ווייס טאַקע שילדקרויט, ווי צו שפּילן קאָמעדיע. ער שפּילט קאָמעדיע ערנסט. אָפט אַפילו טראַגיש. און הלוואַי וואָלטן ביי אונז אַלע קאָמיקער אַזוי געשפּילט...

* * *

זען שילדקרויטן הייסט אָנהייבן באַגרייפן טיפער דעם זין פון טעאַטער.

מיט אים און דורך אים קריגט דאָס שוישפּיל אַ באַרעכטיקונג.

מיט אים פאַרגעסט איר אַלע דיסקוסיעס: יאָ, רעאַליזם, נישט רעאַליזם. יאָ טעאַטראַלישקייט, נישט טעאַטראַלישקייט.

מיט אים פאַרגעסט איר אַלע רייד און גערעדערייען וועגן קונסט און רעזשי.

מיט אים הייבט איר אָן צוריק גלויבן אין „שטערן". אַזאַ דערעסלעך, באַנאַל־געוואָרן וואָרט, ווי „סטאַר" — ווערט ביי.

מיט אים הערט איר אויף גלויבן אין כּוח פון אַנסאַמבל.

ווער אַנסאַמבל? וואָס אַנסאַמבל? איין גרויסער אַקטיאָר — און מען פאַרגעסט אָן אַנסאַמבל!

אדרבה, דער אַנסאַמבל געווינט בלויז צוליב דעם חסד פון דעם איינציקן...

אַז אַזאַ גרויסער שוישפּילער, ווי שילדקרויט, שפּילט, איז עס פּונקט ווי איך צייט פון וואַלן, ווען עס „לויפט" אַ גרויסער פּאָפּולערער קאַנדידאַט.

מיט דעם כּוח פון דעם גרויסן קאַנדידאַט ווערן מיטגעשלעפּט אַלע קליינע קאַנדידאַטלעך...

* *
*

רעזיומע: און חוץ אַלעמען, האָט אַראַנסאָן אויך עפּעס געטאָן פאַר „בראָנקס עקספּרעס". און דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען ביי אונז דעקאָראַציעס, וועלכע האָבן געלעבט בשלום מיט דער רעזשי און אויפפירונג...

מערסטנס הערשט ביי אונז מחלוקת צווישן די דעקאָראַציעס און דער רעזשי — זיי שטימען נישט...

## „וואָס אין פּידעלע שטעקט".

(אַ טעאַטער-שטיק אין דריי בילדער פון י. ל. פּרץ, אויפגעפירט פון רודאָלף שילדקרויט, אין „שילדקרויט-טעאַטער").

טשיקאַווע:

ביי אונז קלעקן תמיד כּוחות בלויז אויף איין גוטער מענטש-לעכער פאָרשטעלונג.

אויף אַ צווייטער בלייבט שוין אונז נישט מער.

און מען כאַפּט עס אָפּ.

אָט די טשיקאַווע דערשיינונג איז שוין כּמעט אַ געזעץ ביי אונזער בעסערן טעאַטער.

אַזוי איז עס געווען אין „אונזער טעאַטער".

און אַזוי אויך אין „שילדקרויט-טעאַטער".

מען האָט אין „שילדקרויט-טעאַטער" אַריינגעלייגט די גאַנצע קולטור פון די צוויי קולטור-פעלקער: דימאָוו און שילדקרויט אין איין „בראָנקס עקספּרעס".

און איצט, ווען עס איז געקומען צו דער צווייטער פאָרשטע-לונג, האָבן ביידע „פעלקער" אָפּגעכאַפּט די אויפפירונג, ווי מען פלעגט אַמאָל אינדערהיים אָפּכאַפּן אויף מאָרגן נאָך דער יום-כּפּור-פאַרפאַס-טונג, — די שחרית-תּפילה...

„וואָס אין פּידעלע שטעקט" האָט שילדקרויט נישט אַרויסגע-בּישופט.

עס איז נאָך דאָרט געבליבן גענוג שטעקן.

און „גאָט און זיין משפּט איז געררעכט" איז שוין איינגאַנצן אַוועק פון האַלב נאָך אַכט טעאַטער.

„וואָס אין פידעלע שטעקט" פון י. ל. פּרץ איז פון די פּרצישע טאַלאַנט־מפּילעך.

פּרץ האָט אַ סך מאָל געוואָלט מליד זיין אַ געניאַל קינד, און ס'איז אַרויסגעקומען אַ מיסגעבורט.

נישט קיין דראַמע, נישט קיין ליד, נישט קיין לעבן און נישט קיין סימבאָל...

פּרץ האָט די דראַמאַטישע פאָרם נישט איינגעביסן, ער האָט איר בלויז געוויזן זיינע ציין...

„וואָס אין פידעלע שטעקט" האָט געקאָנט דערהייבן ווערן ביז אַ ליד, נאָר פּרצן האָט פאַרפעלט פּאָעטישער אָטעם.

„וואָס אין פידעלע שטעקט" האָט געקאָנט ווערן אַ לעבנס־דראַמע, האָט אָבער פּרץ נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט...

וואָס־זשע איז אַרויסגעקומען? — עס איז אַרויס אַ האַרצווייטיק. עס טוט וויי דאָס האַרץ צו זען, ווי מען האָט געקאָנט מאַכן אַ ווערק און עס איז נישט געמאַכט געוואָרן...

איר פילט דעם פאַרזוך פון פאַרפאַסער, אָבער איר פילט אויך זיין אָנמעכטיקייט.

די הויפּט־געשטאַלט פון קלעזמער יואל איז נאָך צו דערליידן. כאָטש אויך מיט יואלן האָט פּרץ נישט געהאַט וואָס צו געבן, חוץ דעם „געדאַנקען־שפּליטער" „אַ ווייב איז אַנדערש"...

דאָס ווייב מירל איז אויך נישקשה... אָבער דערפאַר די בנים, יואלס קינדער, האָט פּרץ פאַרפעלט געבן לעבעדיקן מענטשלעכן לשון, און אַזוי ווי ער האָט זיי קיין פּרצישע „געדאַנקען־שפּליטער" אויך נישט געגעבן, גייען זיי אַרום געזונטע יונגען און רעדן, ווי כינעזער אָדער דיפּלאָמאַטן...

די זעקס בנים פון פּרצס פידעלע זענען אין מיינע אויגן אַ סך שוואַכער, ווי די פיר בנים פון דער הגדה...

פון דעם „פידעלע" האָט מען אפשר עפּעס געקאָנט מאַכן, ווען מען שטעלט עס ווייטער פון דער וועלט, ווען מען דערפילט עס בלויז מיט די פינגער, מיט וועלכע פּרץ האָט עס געשריבן, אָבער שילדקרויט,

דער געזונטער רעאַליסט, האָט דאָס „פידעלע" געשפּילט, ווי „גאָט פון נקמה".

און די נקמה איז: עס האָט זיך נישט איינגעגעבן בלויז אין אַ פּאָר מאָמענטן. וואו שילדקרויט, איז שילדקרויט — איז עס גוט. ווייטער לאַנגווייליקט עס, ווי הירשביינס „איינזאַמע וועלטן" פון אַמאָליקן „פּראָגרעסיוון דראַמאַטיק-קלוב".

## „אַ שניידער פּערל״.

(דראַמע אין 4 אַקטן פון שלום שוואַרץ, רעזשי פון מאָריס אַש, אין יידישן „קונסט־טעאַטער״).

מיר זענען אַלע אויסבעסערער פון דער וועלט.

יעדער ייד איז פריער אַ פּאַרהייראַטער און נאָכדעם אַ וועלט־אויסבעסערער.

און דאָך, ווען עס קומט צו אַ דראַמע — איז נישטאָ ווער עס זאָל זי אויסבעסערן.

און דווקא אַזעלכע אויסבעסערער פעלן אונז.

אָפט בענקל איך אין טעאַטער ביי אַ דראַמע און קוק צו מיט האַרץ־קלעמעניש:

אין דער דראַמע צאַפּלט זיך ע פּ ע ס: אַמאָל אַ סיוזשעט, אַמאָל אַן אינטערעסאַנט וואָרט, און אָפט אויך אַן איינפאַל — אָבער עס פעלט די האַנט, וואָס זאָל עס שטעלן אויף די פיס און געבן אַ פּנים...

שלום שוואַרצס דראַמע (ווייל מען זאָגט, אַז שוואַרץ האָט זיך גוט געפּאָרעט ביי אַשס דראַמע) האָט ע פּ ע ס, אמת, אַ צוגעגעסענער, אַ דערעסענער אין דער געשטאַלט פון אַ פּאָגראָם — אָבער פאָרט אַן ע פּ ע ס!

אַ שיינע מעשה מיט אַ יידיש מיידל, וואָס איז על־פּי־נס גרוי געוואָרן און דערפאַר ניצול געוואָרן פון די הענט פון אַ פּאַרגוואַל־טיקער...

און אַ מעשה מיט אַ שיינעם יידן, כמעט אַ סימבאָל פון אַ יידן. אַ מלך, וואָס האָט באַשיינט דאָס יידישע פאָלק מיט זיינע מעשים און רייד.

ווי מאָריס אַש צוזאַמען מיט שלום שוואַרץ האָבן עס אונז געוויזן, איז פון דעם עפּעס געוואָרן — אַ גרויסער האַרצווייטיק.

שלום שוואַרצס און מאָריס אַשס „שנירל פּערל" איז אין מיינע אויגן נישט מער, ווי אַ „בינטל פּאַטשערקעס".

עס נאַרט אונז מיט פאַלשן גלאַנץ, מיט קאָליר פון פּערל. עס פּאַרנאַרט אונז אָפט אַשס שטעטלדיקער אָטעם, אָבער ווען מען קוקט זיך צו צו די פּערל (און מיר, יידן, זענען מבינים אויף פּערל), זעט מען, אַז זיי זענען פּונקט אַזוי „עכט", ווי די „שטערן" אין פערטן אַקט...

דאָס אומגליק מיט אַשן איז, וואָס ער האָט אונז געגעבן דריי דראַמען אָנשטאָט איינער.

איין דראַמע—דער נס מיט די „פּערל פון דער באָבע יענטעלע".

די צווייטע דראַמע — דער ייד מלך, וועלכער האָט אַזוי, מעשה זעלבסט-הערשער, פאַרכאַפּט פאַר זיך די גאַנצע פּראָזע פון דער דראַמע...

די דריטע דראַמע — די פּראָפּאַגאַנדע קעגן קריג.

און דריי דראַמען אין איין אָוונט זענען אַ ביסל צופיל פאַרן אָפּגעשוואַכטן יידישן פאָלק, וואָס מען פייניקט — ווינטער איין און ווינטער אויס — מיט טעאַטער...

און די דראַמען האָבן, ווי צעקריגטע צווישן זיך, אונטערגעשטעלט פיסלעך איינע דער צווייטער, און יעדע דראַמע האָט זיך אויסגעגליטשט—געפאַלן און אויפגעשטאַנען אַ הינקענדיקע...

אַש האָט פון „שנירל פּערל" געקאָנט מאַכן אַ שיין סימבאָליש צויבער-מעשהלע פאַר דער בינע, און רבקהלע האָט געקאָנט ווערן אַ פּרינצעסין אין דעם צויבערשפּיל...

האָט ער אָבער זיין גאַנצן כּוח (הדבור) גאָר אַוועקגעגעבן דעם מאַנספערשוין מלכן, איר טאַטן. און פאַר דער פרוי, רבקהלען, די, וואָס דאַרף דורכטראָגן אויף איר לעגענדאַריש-יידישן טעאַטער-האַלז דאָס פּערל-מעשהלע — גאָרנישט.

איז רבקהלע בלאַס.

און ווען זי ווערט גרוי, גלויבט זיך, אַז דעם נס האָט געמאַכט נישט די באָבע יענטעלע, נאָר שלום שוואַרץ, וועלכער האָט ביי איר אויסגעשניטן דאָס לשון...

אַרומגיין גאַנצע דריי אַקטן און אַ ביסעלע אויך אין פערטן

אַקט אַ שטומע — פּאַסט נאָר פֿאַר אַ „שטומען משיח", אָבער גריי־ פֿאַר אַן אומשולדיק יידיש מיידל...

אַש האָט אויך געקאָנט מאַכן פֿון מלכן אַליין אַ דראַמע: דער ייד, דער גרויסער מאַמין, דער גרויסער „תּם", וואָס קוקט אויף גויים, ווי אויף „שאינו יודע לשאול" און גלויבט, אַז נאָך אַלעמען זענען זיי דאָך נישט קיין חיות, נאָר מענטשן — איז שטאָף פֿאַר אַ גרויסער דראַמע.

אָבער די פֿערדיקע־פּאַטשערקעס, דער נס פֿון גרוי ווערן, איז אַש געשטאַנען אין וועג...

מען ווייסט נישט, וואו איז דער עיקר, ווען עס זענען דאָ צוויי עיקרים אָדער דריי עיקרים. און דריי הויפּט־זאַכן זענען געפערלעך, ווי דריי באַזונדערע רעצעפּטן פֿון דריי דאָקטוירים פֿאַר איין חולה...

און אויך פֿון פֿערטן אַקט אַליין האָט מען געקאָנט מאַכן אַן איינאַקטער. (איז אַ בודנער איינאַקטער).

איך ווייס נישט, צי אַזאַ איינאַקטער וואָלט געקאָנט צעטרייבן די קריג־וואָלקנס פֿון דער וועלט, — דאָס פּובליקום פֿון טעאַטער וואָלט עס זיכער צעטריבן.

אָבער אַ זאַך פֿאַר זיך האָט מען געקאָנט פֿון דעם מאַכן...

און נאָך אַלע הקירות זענען פּאָגראָם־דראַמען שוין סיי ווי סיי אויסגעשפּילט אין דער פֿאָרם און מיט דעם ניגון, מיט וועלכע מען דערלאַנגט זיי אונז.

אַ פּאָגראָם דאַרף מען שוין אונז סערווירן אַ ביסעלע אַנדערש. דער עולם האָט שוין אַן אַנדער געשמאַק איצט.

בקיצור: שלום אַש האָט אונז געמעגט צו זיין 25־יאָריקן יובילײ געבן אַ בעסערע מתּנה, ווי זיין „בינטל פּאַטשערקעס"...

# „די לעצטע געליבטע".

(טעאַטער-שטיק אין זיבן בילדער פון אָסיפּ דימאָוו, אין „שילדקרויט-טעאַטער").

פאַרליבטע פון אַלע קלאַסן און מדרגות, גייט זען דימאָווס „לעצטע געליבטע!"

יעדער מאַנספּערשוין האָט אויף זיין געוויסן (און אין זיינע פּאַפּירן) אַ ליבע: אַן ערשטע, אַ צווייטע...

שוואַכער, שטאַרקער, אָבער זי הויערט ערגעץ.

איינציקע גליקלעכע גייען אַריבער פון איין ליבע צו דער צווייטער, ווי פון איין צוג אין אונטער-ערד-באַן אין אַ צווייטן, שנעל, געאיבט. זיי קוקן אַפילו נישט אויף די וועג-אָנצייגער, די שוואַרץ-געל-רויטע פּאַסן...

אָבער צו דער לעצטער ליבע קומען אַלע, אַפילו די פּאַרשפּעטיקטע...

דימאָווס „לעצטע געליבטע" איז דאָס ליד פון דער לעצטער ליבע. דאָס ליד פון ערב זון-פאַרגאַנג, דאָס אייביק אומעטיקע, דאָס פיינלעכע ליד פון דער שקיעה... פון לעבן און ליבע...

דימאָווס „לעצטע געליבטע" איז דאָס איידלסטע טעאַטער-שטיק, וואָס איך האָב געזען ביי דימאָוון אין יידיש. „טעאַטער-שטיק" איז נישט דאָס ריכטיקע וואָרט דערפאַר, עס דאַרף גיכער הייסן טעאַטער-געזאַנג, טעאַטער-געוועב...

עס איז אַ צאַרט דין זאַכעלע, מיט אַן איידל שיין פּנימל.

ווי פלעגט זאָגן מיין באָבע: גאָר קיין יידיש קינד נישט, אַ פּריצטלקע...

פֿון דימאָווס „לעצטע געליבטע“ גיט באמת אַ דופּט מיט אַן אַנדער וועלט. און אַנדערע העלדן קומען אויפֿן זינען, שניצלערס העלדן און קנוט האַמסונס, און ערשט דאַן, ווען שילדקרויט ענדיקט צום סוף מיט „מאַמע“, דערמאָנט מען זיך אָן יידישן טעאַטער, ווייל אָן אַלץ קען זיך דאָס יידישע טעאַטער באַגיין: אָן אַ רעזשיסאָר, אָן דעקאָראַציעס, אַפּילו אָן אַקטיאָרן — אָבער נישט אָן אַ מאַמע.

אין דער „לעצטער געליבטער“ זענען דאָ אַלע דימאָווס מעלות, אַלס דראַמאַטורג און שריפֿטשטעלער, זיין אינטעליגענץ, זיין פֿיינער צוטריט צו מענטשן, זיין בינע-מאָס און איינפֿאַלן, אָבער כּמעט קיין איינער פֿון זיינע חסרונות.

די פּאָר פּעלערלעך, וואָס וואַרפֿן זיך דורך (איינער פֿון זיי איז עפּעס אַ ווייץ ווערגן 10 סענט), זענען, ווי עס וואָלט זיך אויסגעדריקט אַ מליצה-שרייבער אלא קאַציזנע: ווי פֿאַרביישוועבנדיקע מיניאַטור-וואָלקנדלעך אויף דעם זיידענעם פּרוכת פֿון הימל...

„די לעצטע געליבטע“ איז אַן אינטים ווערק, און דערפֿאַר טאַקע אַזוי מענטשלעך ברייט, ווי אַלץ, וואָס איז באמת אינטים.

אין דער „לעצטער געליבטער“ האָט דימאָוו אַרויסגעפֿירט דעם קאַמף צווישן דעם אַכט און פֿערציק-יעריקן און דעם זעקס און צוואַנציק-יעריקן: דעם אייביקן קאַמף פֿאַר דער זי, פֿאַר דער ליבע.

אַכט און פֿערציק איז אַ געפֿערלעכע עלטער פֿאַרן מאַן, וואָס איז נאָך נישט אַרויס פֿון שפּיל.

ער וויל נאָך ליבן, אָבער ער האָט שוין נישט דעם מוט. ער קאָן נישט נעמען, ער וויל, מען זאָל געבן, שענקען... אָבער די פֿרוי האָט ליב פֿון אייביק עולם ג ע וו אַ ל ד. זי האָט עס ליב, ווייל זי דאַרף האָבן אויף וואָס נאָכדעם צו שרייען און געוואַלדעווען. דאָס איז איר לעבן, איר באַרוף, איר מיסטעריע, איר שיקזאַל...

דער אַכט און פֿערציק-יעריקער פֿילט, אַז דאָס איז זיין לעצטער שפּיל, ערב אונטערגאַנג, און מוז זיך איילן, אָבער זי, די זיאַיִקע, איילט זיך נישט. די ז י איז אַלעמאָל רויִק. זי וואַרט אויף דעם מאַן, וואָס זאָל זי נעמען מיט חוצפּה, מיט געוואַלד... און זי ווייס, אַז ער וועט קומען פֿריער אָדער שפּעטער.

דער אַכט און פֿערציק-יעריקער מוז סוף כּל סוף זיך באַנוגענען מיט דער ליבע פֿון טאָכטער און מוטער.

ער מוז נעמען דאָס לעבן מיט אַ ביסעלע הומאָר, ער מוז באַ-

נעמען, אַז ער איז שוין אַרונטער פון דער בינע, און מוז זיין בלויז אַ פיינער זייטיקער צושויער.

קוק צו, פריינט צושויער, דעם שפּיל — און שמייכל. אמת, דו ביזט נאָך נישט זאַט... און די זון פאַרגייט... דער טאָג איז קורץ, נאָר וואָס קאָן מען זיך העלפן? אַזוי איז דאָס לעבן!

די ז י פון „לעצטע געליבטע", האַנדלט צייטנווייז ברוטאַל קעגן דעם אַכט און פערציק־יעריקן, אָבער איר פילט נישט קעגן איר קיין צאָרן.

זי מוז אַזוי האַנדלען. זי איז נישט די פאַרפירערין פון אַלע מעלאָדראַמעס און דראַמעס, די וואוילבאַקאַנטע „וועמפּ". זי איז די פרוי, די אייביקע, פון חוהן ביז דער לעצטער עני און פעני...

רודאָלף שילדקרויטן אלס דער אַכט און פערציק־יעריקער, איז אין דער ראָלע גוט און בעסער.

שילדקרויט איז פריער פאַר אַלץ דער שוישפּילער פון גרויסן פאַרמעסט און פאַרנעם. זיינע אימפּולסן זענען ברויזנדיקע, זיין געמיט מיטברייטן פליגל־פאַך.

און אַזוי ווי אַן אַכט און פערציקער, מוז ער זיך צאַמען, איז ער אַמבעסטן דאָרט, וואו די לאַווע גיט זיך אַ ריס אַרויס פון זיין וואול־קאַנישן איך. אָבער אויך דאָרט, וואו ער צאמט זיך, איז ער גוט. ער צאַמט זיך מיט ווירדע, מיט פיינקייט.

## „די שיף מיט צדיקים".

(אין 3 אקטן פון ב. יעווערעינאָוו, אין אירווינג פּלייס קונסט־טעאַטער).

יעווערעינאָווס „שיף" איז פיינע געמיט־אַרבעט, באַהויכט מיטן איידעלסטן גייסט. אַ טעאַטראַלישער קהלת, וואו דער „אַלץ איז נאַריש" איז געמישט מיט „פריי זיך, בחור" צוזאַמען.

יעווערעינאָווס טעאַטער־שפּיל איז פון יענע פּאַפּירענע שיפן, וואָס קינדער מאַכן און שיקן אויפן וואַסער.

קיין גרויס ממשות זוכט נישט ביי דידאַזיקע שיפן.

רעאַליסטישע פעסטקייט — אַוודאי נישט. תכלית אויך נישט.

דערפאַר איז דאָ אַ ים מיט שפּיל און חן און קינדישקייט.

דאָס שפּיל מיט שיפלעך אויפן וואַסער איז דער אייביק יונגער שפּיל. דאָס אייביקע מענטשלעכע טעאַטער, פּונקט ווי דאָס שפּיל אין פערדלעך...

יעווערעינאָוו איז אַליין פאַרפּלאָנטערט אין לעבן, ווי אַ קינד, וואָס בויט שיפן. ער שפּילט זיך. ביי אים איז טעאַטער — לעבן און לעבן — טעאַטער און ביידע — איין גרויסער, שיינער ליגן, אַ זעלבסט־באַרעריי, אַ זעלבסט־היפּנאָז, אַ טאַנץ אַרום אילוזיע.

די צדיקים פון יעווערעינאָווס „שיף" זענען, ערשטנס, שוואַכע צדיקים און, צווייטנס, גאַר קיין צדיקים נישט. אָבער יעווערעינאָוו מאַכט דערפון נישט קיין סאַטירע. ער לאַכט זיי נישט אויס, נאָר שפּילט מיט זיי מיט און האָט הנאה מיט זיי צוזאַמען.

אַ קריטיק אויף אַנאַרכיזם? — נישט וויכטיק.

אַ קריטיק אויף נישט שטעלן זיך קעגן שלעכטס? — נישט דער עיקר.

דאָס לעבן שטאַרקער פון אַלע פאַנטאַזיעס? — אויך נישט גוואַלדיק.

דער עיקר איז די שפּיל גופא, די גרויסע נאַרעריי. אַלע נאַרן זיך צוזאַמען: דער קאַפּיטאַן די צדיקים, די צדיקים דעם קאַפּיטאַן. דער קאַפּיטאַן די טאָכטער און די טאָכטער דעם קאַפּיטאַן, און אַלע דאָס פּובליקום. ווען אַלע מיט די רענצלעך אין האַנט פאַרלאָזן די שיף און גייען צו דער יבשה, פּילט איר אויף קיינעם קיין ברוגז נישט.

אַזוי האָט געדאַרפט זיין.

דאָ האָט גאָרנישט באַנקראָטירט, נאָר אַ שיינער שפּיל האָט זיך געענדיקט...

יעווּרעיִנאָוו איז פריער פון אַלץ אַ קלוגער שריפטשטעלער. און ער האָט אויך קלוג געטאָן, וואָס ער האָט עמעצן איבערגעלאָזט אויף דער שיף.

דער טרוים מיטן דיכטער מוזן בלייבן.

כדי צו לאָזן קינדערשע שיפן אויפן וואַסער...

כדי זיך ווייטער שפּילן און נאַרן...

דער טרוים גייט שטענדיק נאָך נאָך דעם, וואָס מ׳רופט וואַני-זיניקער, און אים אַרט נישט דער ים און זיינע סכנות...

יעווּרעיִנאָווס „שיף מיט צדיקים" איז אַ פיינער שפּיל.

און די שפּיל אין דער שפּיל—די מעשה מיט נח און חם — איז פיינער ווי פיין.

דאָ איז געווען דער אייביקער חם פון אַלע דורות, וואָס וויל אויסקאַכן די צוקונפט, וואָס וויל אַ וועלט נאָר פאַר זיך. אָבער זיגן זיגט די צוקונפט. חם רעדט פאַר זיך, אָבער די פרוי רעז׳ט פאַר דער וועלט.

און זי זיגט.

ווען נישט די פרוי, וואָלט אפשר די שיף מיט די צדיקים אויך אויסגעהאַלטן אַ סך לענגער אויפן וואַסער. אָבער ווער דאַרף די צדקות? מען דאַרף האָבן אַ וועלט פון ליבע, אילוזיעס און שפּיל...

נישט דער שטורעם, נישט וויטאלי האָבן צעשטערט דעם אידעאַל פון די „אַנאַכאָרעט"-איינוואוינער, נאָר די פרוי, דער סעקס, די ליבע, ווי מ׳רופט עס...

מיט דער „שיף פון צדיקים" האָט אוירווינג פּלייס קונסט-

טעאַטער שיין אָנגעהייבן. עס איז אַ פיינע התחלה צו אַ נייעם טעאַטער-שפּיל.

ס'איז גוט אין טעאַטער פון צייט צו צייט אָוועקצוגיין פוןווירקלעכקייט, פון וואָכעדיקייט און פון רעאַליזם.

מ'דאַרף ווייזן אַמאָל דאָס טעאַטער פון אַן אַנדער זייט אויך.

און טעאַטער האָט אַ סך זייטן און פנימער. נישט נאָר איין זייט און איין פּנים, ווי אַ סך געשוואָרענע טעאַטער-קריטיקער ווילן אונז איינרעדן...

דאָס טעאַטער דאַרף נישט נאָר ווייזן דאָס לעבן, נאָר דעם שוים פון לעבן אויך...

אין „שיף פון צדיקים" האָבן זיך כמעט אַלע אויסגעצייכנט מיט פיינער שפּיל. יחיאל גאָלדסמיט, גרשון רובין, אביגדור פּעקער און אַנאַטאָל ווינאָגראַדאָוו — מער ווי אַלע. צי די פּרויען-געסט לידאַ פּאָטאַצקאַיאַ און העלען זעלינסקאַיאַ זענען אַ גרויס געווינס פאַר דער יידישער בינע, צי אַ קלענערער, קאָן איך נישט זאָגן, נאָר פיינע בינע-מאַנירן האָבן זיי, און דאָס איז שוין אויך עפּעס...

בכלל איז די „שיף מיט „צדיקים" אַזאַ זאַך, וואָס איז נישט קיין מאָס צו מעסטן אַקטיאָרן.

אויב ס'איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי איבערשפּילן, וואָלט איך געזאָגט, אַז די פּיעסע שפּילט דאָ איבער די אַקטיאָרן...

זיי שפּילן גוט, אָבער זי נאָך בעסער...

# אַ מעשה מיט אַ פערד.

געווען אַמאָל אַ פערד, אַ יונגער, אַ שיינער פערד. איינגעשטאַנען איז ער ביי אַ יידישן בעל-עגלה, אין בראָנזוויל, געגאַנגען אין שפּאַן מיט נאָך חברים און געווען צופרידן.

ביז איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ מעשה: אַ דירעקטאָר פון אַ יידישן טעאַטער איז איינגעפאַלן אַרויפצופירן אויף דער בינע אַ פערד, ער זאָל שפּילן אין אַן אָפּערעטע. און דער גורל איז געפאַלן אויף דעם יונגן שיינעם פערד פון דעם בראָנזווילער יידישן בעל-עגלה.

איז מען מיטן בעל-עגלה מושווה געוואָרן און מען האָט דעם פערד אַרומגעוואַשן, פאַרקעמט, אויסגעפּוצט און גענומען אויף דער בינע.

די ראָלע איז געווען נישט קיין גרויסע, אָבער אַן אָנגענעמע.

דער „סטאַר"-ליבהאָבער, וועלכער האָט געשפּילט אַ גענעראַל, איז אויפן פערד אַרויסגעפאָרן אויף דער בינע, נישט מער.

אָבער דאָס האָט פאַרזיגלט דעם שיקזאַל פון אונזער פערד אויף שטענדיק.

צום ערשטן מאָל, ווען מען האָט אונזער פערד אַרויסגעפירט אויף דער בינע, האָט ער זיך דערשראָקן:

אַזויפיל ליכט, עפּעס אַן אומגעווייגלעכער פּאַלאַץ, אַ שטאַל—און דאָך נישט קיין שטאַל... און עפּעס אַ מאָדנער עולם, וואָס טומלט, שרייט, לאַכט, הירזשעט און מאַכט מיט די הענט!

האָט ער געוואָלט אַנטלויפן.

אָבער מען האָט אים צוריקגעהאַלטן, געגלעט און געגעבן צוקער...

אַ ביסל שפּעטער איז ער געוואָרן און זיין „זיס לעבן" האָט אים אָנגעהייבן געפעלן ווערן.

עפּעס אַזאַ לייכט, שפּילעוודיק לעבן. ער טוט גאָרנישט, גייט בלויז אַרויס פינף מאָל אַ וואָך אויף דער בינע, קיינער טרייבט אים נישט, קיין סימן פון אַ בייטש, נאָר, אדרבה, מען גלעט אים נאָך, מען פּוצט אים, מען וואַשט אים און מען קאָרמעט אים מיט צוקער — אים איז גוט!

און אויך צו דעם ליכט אויף דער בינע האָט ער זיך צוגע-וויינט און עס האָט אים מער נישט געשטאָכן אין די אויגן און דאָס פּובליקום איז אים אויך געפעלן... אַ פריילעך פּובליקום!

און יעדן אָוונט נאָכן שפּיל, ווען מען האָט אים צוריקגעבראַכט אין שטאַל, איז אונזער פערד געוועזן אָנגעבלאָזן-שטאָלץ, יחוסדיק-פאַרריסן, נישט געוואָלט רעדן מיט די חברים פערד.

ער האָט זיך געהאַלטן כּמעט ווי אַן אַקטיאָר, וואָס ווערט אַ יוניע-מאַן...

און ווען די איבעריקע פערד אין שטאַל האָבן אים גענומען שטעלן פראַגן:

— וואו איז ער געווען?

— וואָס האָט ער געטאָן?

— ווע‏מען געזען?

— און וואָס קוקט ער אויס אַזוי יום-טובדיק?

האָט אונזער פערד אָפּגעקערט דעם קאָפּ מיט גאווה און נישט געענטפערט.

און פון דעם גאַנצן פערדישן ווזן האָט גערעדט:

מיר פּאַסט נישט צו רעדן מיטן פּראָסטן פאָלק. איך בין דאָך עפּעס אַ „סטאַר!"

האָבן די פערד אים אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג און נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך מיט זייער חבר...

אָבער עס איז דאָך אַ לעבנס-געזעץ: עמעצן מוז מען זיך דאָך פאַרטרויען. האָט אונזער פערד זיך אַזוי לאַנג געבלאָזן קעגן זיינע חברים, ביז ער האָט זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן.

און אינמיטן נאַכט, ווען די פערד זענען געשלאָפן, האָט ער פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ יונג פערדל, וואָס האָט נישט געקענט שלאָפן (מסתמא געווען פאַרליבט), און אים דערציילט:

— ווייסט, וואוהין איך גיי יעדן טאָג?
— וואוהין?
— אין טעאַטער!
— וואָס איז דאָס?
און דער פערד-סטאַר-שוישפּילער האָט אים דערקלערט:
— טעאַטער איז אַ גרויסער שטאָל, נאָר אַ ליכטיקערער, ווי אונזערער... און מיט אַ סך-בענקלעך, און מענטשן זיצן אויף די בענקלעך און גלאָצן מיט די אויגן אַרויף, און איבער זיי איז אַ קלענערער שטאָל, וואו עס שפּילן די אַקטיאָרן... און דאָרטן קום איך עפּ אַרויס מיט מיין בעל-עגלה...
— אונזער בעל-עגלה?
— ניין! נישט אונזערער... זייער אַ שיינער איז ער און אָנגעטאָן, ווי אַ פּרינץ... און ער פּאָרט עס אויף מיר אַרויס רייטנדיק, און שיינע מיידלעך לויפן אונז אַרויס אַנטקעגן מיט געזאַנג און מוזיק שפּילט און די מענטשן פון אונטן קלאַפּן...
— מיט וואָס קלאַפּן זיי?
— מאָדנע... זיי קלאַפּן נישט, ווי מיר, פערד, מיט די פיס, נאָר מיט די הענט גאָר...
— מיט די הענט?
— יאָ, מיט די הענט! און נאָך יעדער פאָרשטעלונג ברענגט מען אונז, מיר און מיין בעל-עגלה, בלומען...
— מען קען עס עסן?..
— ניין! איך האָב געפּרוווט, טויג עס נישט... מאָדנע חיות, די מענטשן, כאלטן זיי בעסער אונז געבן היי!..
— און דו פאָרסט אַ סך? — פרעגט דאָס יונגע פערדל מיט גרויס קנאה.
— זייער ווייניק... דער פּלאַץ איז קליין און גליטשיק... איך האָב זיך אַ פּאָר מאָל שיעור נישט אויסגעגליטשט...
— וואָס-זשע איז דאָס פאַר אַן אַרבעט?
— עס איז טאַקע קיין אַרבעט נישט... עס איז קונסט... טעאַטער... אָבער מען גיט מיר צוקער... און מען גלעט מיך... נעכטן האָט מיך אַ יונגע, שיינע אַקטריסע געגלעט אַזוי ליב!.. מיר איז געווען זייער גוט... איך האָב זיך אַזש צעהירזשעט...

— איז דיר... אייך, הייסט עס, גוט?.. — האָט געשטאַמלט דאָס יונגע פערדל...

— זייער גוט... דו האָסט געדאַרפט הערן די קאָמפּלימענטן, וואָס מען גיט מיר! איך שפּיל זייער גוט, זאָגט מען! און אויך אין די צייטונגען שרייבט מען וועגן מיר, ווי וועגן אַ „סטאַר"...

— הייסט עס, איר זענט שוין באַלד קיין פערד נישט? — האָט געפרעגט מיט גרויס רעספּעקט דאָס יונגע פערדל.

— יאָ... איך בין שוין אַ „סטאַר"! — האָט דער סטאַר-פערד זיך אָנגעבלאָזן און זיך פאַרקוקט אָן אַ זייט.

— איך וואָלט אויך געוואָלט כאָטש איינמאָל אויף מיין לעבן זיין אויף דער בינע און עסן צוקער!.. — האָט פאַרבענקט אויסגערופן דאָס יונגע פערדל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז אַוועק אַ צייט, און די אָפּערעטע אין טעאַטער איז אַרונטער.

און דאַן, פאַרשטייט זיך, האָט מען שוין דעם פערד מער נישט געדאַרפט.

האָט מען דעם פערד צוריק גענומען אין שטאַל מיט זיינע חברים.

האָט ער רעוואָלטירט, געדרייט אַקטיאָריש מיטן קאָפּ:

— איך וויל נישט, איך בין דאָך עפּעס אַ „סטאַר"! איך וויל נישט טאָן פּראָסטע אַרבעט צוגלייך מיט אַלעמען!

אָבער דער בעל-עגלה האָט אויף אים געשריען:

— העי, דו, אַקטיאָרשטשיק מיינער! אַי, דו קנאַקער, האָסט פאַרגעסן, אַז דו ביזט אַ פערד?! — און דערביי האָט ער אים דערלאַנגט מיטן בייטש.

און די איבעריקע פערד, די חברים, האָבן אָנגעקוואָלן, געהירזשעט פון גרויס נחת.

אַ שטיקל נקמה דערלעבט אָן דעם יחסן. און פון צייט צו צייט האָבן זיי אים אויך געבריקעט מיט די פיס:

— פאַרוואָס גייסטו נישט אויף דער בינע, האַ? וואָס פאַר אַ סטאַר ביזטו עס — שלעפּסט, ווי מיר, דעם וואָגן, פערדאַטש איינער!..

האָט אונזער פערד פון צרות זיך גענומען צום האַרצן, אויפגעהערט עסן, געוואָרן דאַרער פון טאָג צו טאָג. ער האָט געבענקט נאָך

דער בינע, נאָך דער אַקטריסע, וואָס האָט אים אַמאָל אַזוי הייס גע־גלעט... ער האט מער זיין פערדישע ראָלע נישט געקענט דולדן.

ביז איינמאָל, גייענדיק אין שפּאַן, האָט אונזער געוועזענער „סטאַר" זיך אויסגעגליטשט, געפּאַקן אויפן ברוק און מער נישט אויפגעשטאַנען...

אָט אַזוי האָט פאַרענדיקט זיין קורצע קאַריערע אַ פערד.

און דער מוסר־השכל דערפון איז: די בינע איז אַן אומגליק פאַר אַ סך פערד...

# דער שטערן און דאָס שטערנדל *).

דער באַרימטער טעאַטער-שטערן, בעקי ציפּקאָוויטש, איז גע־לעגן אין בעט און געדרעמלט.

ס׳איז געווען אַ פּאָר טעג נאָך דער גרויסער ערעפענונגס־נאַכט אין איר טעאַטער.

זי האָט געשפּילט, און מען האָט זי ממש דערטרונקען אין בלו־מען. זי האָט נאָך קיינמאָל אַזויפיל בלומען נישט געקריגן, ווי אין דעם אָוונט...

מען האָט איר אַפּלאָדירט, ווי נאָך קיינמאָל אין איר קאַריערע.

עס איז איר גוט, ווי אַ קינד.

דער עולם האָט זי ליב.

זי האָט פּאַטריאָטן אָן אַ שיעור...

איר צימער איז אַ לאַגער פון בלומען מיט אויפשריפטן.

אַי, געוויסע קריטיקער טאַדלען, קריטיקירן און רייסן אַרונטער די פּיעסע מיט איר צוזאַמען?

איז ווער הערט זיי?

און אונזער שטערן, בעקי ציפּקאָוויטש, ליגט און דרעמלט אין פרידן.

מיטאַמאָל — — —

עמעצער רירט זי אָן ביים העמד־אַרבל. אַ קוק — זי זעט קיי־נעם נישט.

זי דרעמלט ווייטער.

ערשט מען רירט זי ווידער אָן. און דאָסמאָל הערט זי אויך אַ שטים, אַ הייזעריקע, אַ מאַנסבילשע:

*) מיט אַ שטערנדל ווערט באַצייכנט אַ רעקלאַמע־נאָטיץ אין די יידישע צייטונגען.

— בעקי, טייערע, דו דערקענסט מיך נישט?!

— ווער ביזטו? — רופט אויס אומרויִק בעקי.

— איך, ווער בין? — זאָגט ווייטער די הייזעריקע שטים.—בעקי, איך בין דאָך דאָס שטערנדל!

— ווער?

— דאָס שטערנדל, דיין בעסטער פריינט!

— האַ? ווער? וואָס?

— דאָס שטערנדל! — דערקלערט איר די שטים. — אָט דער, וואָס שרייבט זיך אונטער אונטער די טעאַטער-רעקלאַמעס... איצט ווייסטו שוין, ווער איך בין? איך בין דיין נאָענטסטער קרוב. דו אַ שטערן— איך אַ שטערנדל. און ווער מאַכט דיך גרויס? — איך! ווען נישט איך, וואָלסטו קיינמאָל אַזאַ נאָמען נישט געהאַט!.. איך מאַך דיך גרויס... אין דער צייט, ווען די קריטיק רייסט פון דיר פּאַסן און טאַדלט דיך, באַזינג איך דיך, ווי אַ נאַכטיגאַל... און גאַנץ אָפט טו איך עס אין דעמזעלבן צייטונגס-נומער, וואו מען זידלט דיך... און ווען, דענקסטו, הערט מען מער? — מיך! ווייל איך רעד צום האַרצן. איך שיט מיט שבחים, איך קאַרג נישט...

און דער באַרימטער שטערן, בעקי ציפּקאָוויטש, האָט געפרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטים:

— אַלץ פיין, פיין... אָבער וואָס-זשע ווילסטו פון מיר? אין אַזאַ שפּעטער שעה.

— וואָס איך וויל? — האָט דאָס שטערנדל גערעדט זייער זיס.— גרויסער שטערן, איך בין געקומען מאָנען מיין חלק אין געשעפט; אַ העלפט פון די בלומען... אַ העלפט פונם כבוד און אַפּלאָדיסמענטן... איך האָב זיך מיישב געווען, וואָס הייסט עס, איך זאָל אַרבעטן נאָר פאַר יענעם, און וואו בין איך אַליין?

בעקי ציפּקאָוויטש האָט אים אָנגעקוקט, ווי משוגע.

— קוק נישט אַזוי אויף מיר,—האָט זיך אָנגערופן דאָס שטערנדל,— און נישט דאָס אַליין, איך וויל נאָך עפּעס... איך וויל, אַז דו זאָלסט דערקלערן אין דער פּרעסע, אַז איך בין דער איינציקער גרעסטער קריטיקער!.. דער גרעסטער ביי יידן!.. איך וויל, דו זאָלסט פון דער בינע, טאָקע פאַרן עולם, מאַכן אַ דערקלערונג, אַז אין דיין גרויסן דערפאָלג האָב איך אַ חלק... אַז איך בין אַ שותף צו דיין באַרימטקייט!

— אָבער,—מאַכט די אַקטריסע און ציטערט, — ווי קאָן איך רעדן פון דיר, אַז דו ביזט אַזוי קליין און אָפּגעריבן?

— אויך דאָס וויל איך, אַז דו זאָלסט פאַרריכטן, — האָט אויס־געדופן דאָס שטערנדל, — איך בין קליין, ווייל איך וויל דיך מאַכן גרויס... מיך רייבט מען אָפּ, ווייל מען וויל מיך באַהאַלטן... מען זאָל מיינען, אַז די ליבע־געזאַנגען צו דיר זענען נישט מיינע, נאָר פון אַן אמתן קריטיקער... איך וויל דערפאַר, אַז דו זאָלסט פועלן ביי די צייטונגען, מען זאָל מיך לאָזן וואַקסן... און דער עיקר, מען זאָל מיך נישט אָפּרייבן...

— איך וואָלט אַלץ פאַר דיר געטאָן, — האָט תחנונימדיק געזאָגט די אַקטריסע, — אָבער די מעשה איז דאָך, אַז דיינע קריטיקן זענען נישט קיין ערנסטע. צווישן אונז גערעדט, דו מיינסט דאָך נישט מיך, נאָר ביזנעס, מיך דאַרפסטו דאָך נישט נאַרן!..

דאָס שטערנדל האָט זיך פיינלעך פאַרקרימט:

— וואָס איז דאָס דיין באָבעס עסק! וואָס איז דיין זאָרג, וואָס איך מיין, דער עיקר איז דאָך, וואָס דער עולם מיינט!.. די הויפּט־זאַך זענען דאָך די רעזולטאַטן. און די רעזולטאַטן זענען: דו האָסט אַ נאָמען נאָר צוליב מיר... און דערפאַר וויל איך מיין טייל... מיין חלק!.. שטעק אָפּ, גרויסער שטערן!

— און ווען נישט!

— דאַן וועט זיין ביטער... איך וועל מער נישט אַרבעטן פאַר דיר אומזיסט... איך וועל מיין לעבן נישט אַוועקגעבן פאַר דיר... איך וויל אויך עפּעס געניסן דערפון... איך וויל, אַז דער שטערן זאָל זיך טיילן מיטן שטערנדל... ווען נישט, לאָז איך דיך איבער אין די הענט פון די קריטיקער...

און דאָס שטערנדל האָט גענומען קלאַפּן אין טיש.

— בעקי ציפּקאָוויטש, איך וויל מיין חלק! שטעק אָפּ!

— געוואַלד! ראַטעוועט! מיין קאָפּ!

בעקי ציפּקאָוויטש האָט זיך אויפגעכאַפּט אַן אָפּגעגאָסענע מיט שווייס.

— וואָס איז, טייערינקע? וואָס האָט זיך דיר געחלומט?

בעקי ציפּקאָוויטש, דער באַרימטער שטערן, האָט זיך געריבן די אויגן.

— טרייבט אים אַוועק! ער וויל מיך הרגענען!

— ווער מען?

— דאָס שטערנדל!

— וואָס רעדסטו? וואָס פאַר אַ שטערנדל? דאָ איז דאָך קיינער נישטאָ!

נישטאָ? איך האָב אים אַליין געזען... ער וויל, איך זאָל זיך מיט אים טיילן... מיין כבוד, מיינע בלומען... נעם אים אַוועק פון מיר, איך וועל משוגע ווערן!

בעקי ציפּקאָוויטשעס מאַן, דער דירעקטאָר פון דעם גרויסן „שטערן", האָט געלייגט אַ נאַס טיכל צו איר קאָפּ, און זי קוים-קוים באַרויִקט.

# בילעטן.

ער איז אַ מוזיק־ליבהאָבער, אַ הייסער, אַן איבערגעגעבענער.

אָבער מער ווי די מוזיק האָט ער ליב די קונסט פון קריגן פרייע בילעטן...

ביי אים האָט דידאַזיקע קונסט דערגרייכט צו אַ גרויסער קונסט.

ער איז אַ בריה אויף צו קריגן פרייע בילעטן, אַ מאדים, אַ קינסטלער...

ער קריגט זיי פון בוידעם, פון אונטער דער ערד. פון דער לבנה אַפילו. ער קאַרגט נישט קיין פיס צו לויפן צו אַלע קאָנצערט־ביוראָס, ער זשאַלעוועט נישט קיין טעלעפאָנען און צייט.

ער שרייבט בריוו — און ער קריגט...

און דער סך־הכל — ער טראָגט זיך אַרום אַלעמאָל מיט פולע קעשענעס מיט בילעטן צו אַלע מינים קאָנצערטן און טעאַטער־פאָר־שטעלונגען.

און ווען איר באַגעגנט נאָר אונזער העלד, איז דאָס ערשטע — רייד פון בילעטן.

— איר ווייסט? איך האָב דאָך בילעטן צום פילאדעלפיער אָר־קעסטער!

— איר ווילט מיט מיר מיטגיין היינט הערן אַ זינגערין? איך האָב בילעטן?

— איר ווייסט? מען האָט מיר צוגעזאָגט בילעטן צו חפצן?

— מאָרגן אָוונט גיי איך צו דער „פילהאַרמאָניק“ — איך האָב בילעטן! איר האָט געהערט מענגעלבערגן? אַי, איז ער!..

— איר ווייסט, וויפל בילעטן איך האָב צו הובערמאַנען? —18 בילעטן און איך קען קריגן נאָך! וואָס זאָגט איר אויף הובערמאַנען? אמת, ער איז אַ גרויסער קינסטלער?

— שבת גיי איך הערן האָפּמאַנען — איך וואַרט אויף בילעטן!

— איר ווילט אפשר גיין מיט מיר פרייטיק אָוונט אין גרינוויטש ווילעדזש טעאַטער? — איך האָב גוטע בילעטן!

און אַזוי כסדר: בילעטן, בילעטן, בילעטן!

דער מענטש עסט מיט בילעטן, שלאָפט מיט בילעטן, לויפט מיט בילעטן, חלומט מיט בילעטן...

און ווען ער רעדט מיט אייך פון בילעטן, כאַפּט ער אַלע ווײַלע אַרויס אַ פּעקל מיט בילעטן און ער ווײַזט אייך.

— איר זעט? — דאָס זענען די בילעטן!

און דערבײַ מישט ער די בילעטן מיט ציטערדיקע פינגער, און ער לאָזט אייך זיי נישט אָנרירן און אַפילו רעכט אָנצוקוקן אויך נישט.

און אַמאָל קוק איך אויף דעם מענטשן און מיר הייבט זיך אָן דאַכטן, אַז ער איז נישט געבוירן געוואָרן פון אַ מוטער — נאָר פון קארנעגיע האָל קאסע... און ווען ער איז דערשינען אויף דער וועלט, איז זיין ערשטער אויסגעשריי געווען: ב י ל ע ט!

דערצו איז ער אַ צעטראָגענער מענטש אויך, זייער אַ צעטראָגענער.

און די הויפּט-סיבה פון זיין צעטראָגנקייט זענען טאַקע ווידער די בילעטן.

נאָכדעם, ווי ער קריגט שוין די בילעטן, הייבט זיך ערשט אָן אַן עסק מיט צעטיילן זיי.

וועמען גיט מען זיי? — דאָס איז אויך נישט קיין קליינע קונסט.

נישט צו אַלע קאָנצערטן קען מען דאָך אַליין גיין. און אַז מען גייט אַליין, דאַרף מען דאָך האָבן נאָך עמעצן צום צווייטן בילעט.

און דאָס איז אַ זאָרג: מיט וועלכער דאַמע אָדער מיידל גייט מען היינט?

און צו אַ סך קאָנצערטן קריגט אונזער העלד צו 6 און אַפילו צו 10 בילעטן, און מען דאַרף אויף די אַלע בילעטן קריגן בעלנים.

ווייל די אַמביציע פון אונזער בילעטן-ליבהאָבער איז צו קריגן וואָס מער בילעטן.

אַ סך בילעטן! — וואָס מער, אַלץ בעסער.

און אַזוי לויפט ער, נעבעך, אַרום טאָג און נאַכט אַ פאַרזאָרגטער, אַ פאַרשמייעטער, אַ פאַרשוויצטער און ער חשבונט און רעכנט:

— צו דעם קאָנצערט מאָרגן בייטאָג גיי איך מיט — — —

— אין אָוונט אין טעאַטער גיי איך מיט — — —

— מאָרגן בייטאָג קען איך נישט גיין, וועל איך די בילעטן אָפגעבן שווימערן.

— און איבערמאָרגן צום פיאַנע־קאָנצערט דאַרף מען אוועקגעבן די בילעטן ברומערן, מען דאַרף אים אָפרופן.

— און פרייטיק בייטאָג די בילעטן צו דער זינגערקע—שטומערן.

— מאַנדעלקערנען וועל איך נישט געבן קיין בילעטן... איך האָב אים נישט ליב, ער איז אַ טאַלאַנטלאָזיקייט!

און ווען איר ווילט וויסן, מיט וועמען אונזער העלד לעבט בשלום און פון וועמען ער האַלט — קוקט זיך צו — וועמען ער גיט זיינע בילעטן.

ווייל בילעטן איז ביי אים אַ סימן פון פריינטשאַפט, פרידן און אָנערקענונג.

אָבער מיט דעם איז נאָך דער עסק מיט די בילעטן נישט קאָמפליט.

ערשטנס, ווייל אַלעמאָל זענען דאָ בילעטן, אויף וועלכע ס׳איז זייער שווער צו געפינען בעלנים.

דאָס זענען די בילעטן צו פיאַנאָ־קאָנצערטן.

און פאַר זיי דאַרף מען אַגיטירן, שטאַרק, הייס. מען דאַרף איינשמועסן... און דאָס קומט אָן נישט גרינג. מען דאַרף געבן צו פאַרשטיין די וויכטיקייט פון פיאַנאָ...

הכלל, ס׳איז דאָ אַרבעט. און אַ גליק, וואָס אונזער העלד אַר־בעט קיינמאָל נישט, האָט ער גענוג צייט צו אַרבעטן אויף אַגיטאַציע...

און, חוצדעם, מוז מען אַלעמאָל אויף אַזעלכע בילעטן קריגן בעלנים אין איילעניש... אַ שעה אָדער אַ האַלבע שעה פאַרן קאָנ־צערט. און מען מוז יענעם אַגיטירן אויף גיך... זען ווירקן, אַז יענער זאָל לויפן, ווי אַן אונטערגעשאָסענער... כאַפּן אַ טאַקסיס... און אין דעם שטעקט אויך אַ סך קענטעניש און מייסטערשאַפט...

אָבער אויך דאָס איז נאָך נישט אַלץ: אָפט שוין באַשטאַטנדיק די בילעטן, דאַרף אונזער העלד אַכטונג געבן, ווער פון זיינע קונדן קומט און ווער נישט...

ווײַל ביי בילעטן איז אויך דאָ אַ ס שווינדל: מען נעמט בילעטן — און מען גייט נישט... דאָס פּאַסירט אַלעמאָל אין אַ פּאַל, ווען אונזער העלד צעטיילט אַ היפּש ביסל בילעטן אויף איין קאָנצערט און ער אַליין גייט אויך.

דאַן — — — לויפט אונזער העלד אַרום אַ פאַרזאָרגטער.

אַ פּאָר טעג פאַרן קאָנצערט דערמאָנט ער זיינע „קונדן":

— איר גייט צום קאָנצערט?.. איך האָב דאָך אייך געגעבן בילעטן!

— זעט, פאַרגעסט נישט, קומט! אַי, שפּילט ער! אַ זשעני!

און אין טאָג פון קאָנצערט קומט אונזער העלד, פריער ווי אַלע אין זאַל און הייבט אָן אַרומלויפן און זאָרגן:

— אָט שפּילט מען שוין באַלד — און דער און דער איז נאָך נישטאָ!

— פע, עס טויג נישט, ער וועט אים מער שוין נישט געבן קיין בילעטן!

— ער האָט פיינט, אַז מען קומט נישט!

און ער לויפט אַרום און בייסט די ליפּן.

און אָט שפּילט מען שוין — און דער און דער פון זיינע קונדן איז נאָך אויך נישטאָ!

זיצט אונזער „מאַרטירער פאַר דער קונסט" זייער אומרויק.

דער קינסטלער שפּילט, אָבער ער הערט נישט, ער קען אַפילו נישט זיצן ריכטיק מיטן פּנים צו דער בינע. ער מוז זיצן מיט די אויגן צום אַריינגאַנג. ער מוז היטן, צי דער און דער קומט, צי נישט...

— און טאָמער קומט ער נישט? איז אַרויסגעוואָרפן צוויי בי-לעטן! אַזאַ סקאַנדאַל! ער האָט דאָך זיי געקענט אָפּגעבן עמעצן...

אָבער ווען עס טרעפט, אַז ער צעטיילט ביי איין קאָנצערט צוועלף אָדער מער בילעטן און אַלע קומען, אַלע זיינע קונדן, אוי, איז ער דאַן גליקלעך! ווער איז צו אים דאַן גלייך?

ער וואַרפט אַ בליק אויף זיי — אַזויפיל און אַזויפיל — אָט זיצן ז יי נ ע בילעטן! ער שיקט זיין קוק אויף זיי: אַזויפיל און אַזויפיל אויף זיינע בילעטן!

ע ר קריגט עס אַזויפיל בילעטן.

און ער איז שטאָלץ, ווי אַ גענעראַל אויף זיין אַרמיי...

און ער זיצט מיט זיין דאַמע און ער פּאַרטרויט איר:

— איר זעט דעם און דעם, אָט דאָרטן? דאָס איז ראובן דער סקולפּטאָר — און איך האָב עס אים געגעבן בילעטן?

— און דער? — דאָס איז יאָסל דער דיכטער — אויך מיינע בילעטן!..

און נאָך אַ זאַך האָב איך אייך פאַרגעסן צו באַמערקן: אונזער העלד גיט בילעטן נאָר צו גרויסע און באַרימטע מענטשן. געוויינלעכע גיט ער נישט... זיינע „קונדן" זענען שרייבער, דיכטער, מאָלער, אַקטיאָרן, סקולפּטאָרן...

און ער איז שטאָלץ אויף זיינע „קאָסטימער" און אויף זיינע בילעטן, און ווען ער איז שטאַרק צופרידן, הייבט ער אָן אונטער-זינגען אַ מאָטיוו פון אַ סימפאָניע... און ווען איך זע אים דאַן, אין יענע מאָמענטן, דאַכט זיך מיר, אַז ער איז דער גליקלעכסטער מענטש אין קארנעגיע האָל...

# ז ו ך נ י ש ט!

געווען אַמאָל אַ טעאַטער-דירעקטאָר.

אַן ערנסטער, אַ געבילדעטער, אַ קונסטליבנדיקער, אַן אידעאַליסט, אַן אויסנאַם פאַר אַלע צייטן...

ער האָט געהאַט געשמאַק און געשטעלט גרויסע פאָדערונגען צום טעאַטער. אָבער דערהויפּט האָט ער זיך געשטעלט אַלס זיין לעבנס-אויפגאַבע—אויסצוזוכן פאַר זיין טעאַטער די בעסטע דראַמע...

די אמתע גוטע דראַמע.

אויף וועלכער אי דאָס פאָלק, אי די קריטיקער זאָלן זיך איינניקן...

איז ער טאָג און נאַכט אָפּגעלעגן אין די ביבליאָטעקן און געזוכט די גוטע דראַמע.

די איינציקע, די ריכטיקע.

האָט ער איבערגעלייענט הונדערטער דראַמען און געזוכט און נישט געקענט געפינען...

די וואָלט געווען גוט — איז דער אָנהייב נישט גוט.

די וואָלט געווען גאָר גוט — טויג דער סוף נישט.

די וואָלט געווען נאָך בעסער — טויג דער מיטן נישט.

און יענע האָט סתם אַ פעלער.

און יענע גלאַט אַ חסרון.

די איז צו רעאַליסטיש, די צו סימבאָליש, די אַזוי און די אַזוי... הכלל, נישט גוט!..

האָט אונזער טעאַטער-דירעקטאָר אַזוי לאַנג געלייענט און געזוכט די גוטע דראַמע, ביז די אויגן זענען אים שוואַך געוואָרן.

איז ער אַוועק צו אַן אויגן־דאָקטאָר און יענער האָט אים צו־געפּאַסט ברילן, און ער האָט ווייטער געלייענט נאָך מיט מער פלייס...

אונזער טעאַטער־דירעקטאָר האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז ערגעץ איז דאָ די גוטע דראַמע, די אמתע, די ריכטיקע, די, וואָס וועט אים ברענגען צום גרויסן דערפאָלג. מען דאַרף זי נאָר זוכן, וועט מען זי סוף כּל סוף געפינען...

האָט ער געגלויבט און געזוכט.

ביז ער איז נאָכמער קראַנק געוואָרן אויף די אויגן. די ברילן האָבן שוין נישט געטויגט... איז ער ווידער אַוועק צום אויגן־ספּעציאַ־ליסט, האָט אים יענער געזאָגט: ער מוז אינגאַנצן אויפהערן לייענען... ווייל עס איז אַ סכנה פאַר זיינע אויגן. אָבער וואָס הייסט אויפהערן לייענען? אונזער טעאַטער־דירעקטאָר האָט דערפון נישט געוואָלט הערן...

וואָס הייסט! ער וועט אויפגעבן זיין לעבנס־אויפגאַבע, ער וועט אויפהערן זוכן די גוטע דראַמע? און צו וואָס טויג אים איבער־הויפּט דאָס לעבן?

ניין, דאָס קען ער נישט!.. ער האָט שוין אַזויפיל יאָרן גע־פּטרט אויף זוכן, ער מוז געפינען, ער וועט געפינען!

— דאָקטאָר, גיב מיר אַן אַנדער פּאָר ברילן!

און דער דאָקטאָר האָט געגעבן אַ נייע פּאָר ברילן, נאָכמער געשליפענע...

און אונזער אידעאַליסטישער טעאַטער־דידעקטאָר האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט.

נאָך מיט מער ענערגיע.

און דאָ איז ער בלינד געוואָרן... אין איין פאַרוואָלקנטן טאָג איז געשען דער אומגליק.

דאָס ליכט פון זיינע אויגן האָט זיך אויסגעלאָשן...

אָבער טעאַטער איז טעאַטער. מען האָט דאָך געדאַרפט שפּילן. איז מען געקומען צו לויפן צום דירעקטאָר.

— מען דאַרף האָבן אַ נייע פּיעסע פאַר דעם נייעם סעזאָן!

האָט דער בלינדער טעאַטער־דירעקטאָר גאָרנישט געזאָגט, נאָר אין גרויס פאַרצווייפלונג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— נעמט, מיינט עס, וואָס איר ווילט!

און חברה האָט געכאַפּט די ערשטע פּיעסע, וואָס איז זיי געקומען אונטערן האַנט, און זי אַוועקגעטראָגן אין טעאַטער.

און מערקווירדיק. מען האָט דידאָזיקע פּיעסע געשטעלט, און זי האָט זייער אויסגענומען.

דאָס פּובליקום האָט אַפּלאָדירט, ווי נאָך קיינמאָל אין דער גע־שיכטע פון דעמדאָזיקן טעאַטער פון זוכעניש, און אויך די קריטיק האָט געלויבט.

און די פּיעסע איז אַוועק אויף מאָנאַטן-לאַנג מיט גרויס קאַסע־דערפאָלג...

און דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין דער קאַריערע פון אונזער ערנסטן אידעאַליסטישן טעאַטער־דירעקטאָר, וואָס אין זיין טעאַטער זאָל זיין אַ קאַסע־דערפאָלג...

און נאָכדעם איז שוין אַוועק, ווי געשמירט:

מען האָט געשטעלט פּיעסן, די ערשטע, וואָס האָבן זיך אונטער־גערוקט אונטערן האַנט. און זיי זענען אַלע געווען אַ דערפאָלג.

און אונזער בלינד-געוואָרענער טעאַטער-דירעקטאָר איז אין אַ קורצער צייט געוואָרן דער רייכסטער טעאַטער־דירעקטאָר.

אַ ביסל שפּעטער איז דער בלינדער טעאַטער-דירעקטאָר קראַנק געוואָרן.

און ער האָט דערפילט, אַז דער סוף קומט.

האָט ער געשיקט רופן זיין איינציקן זון, אַ יונגערמאַן מיט גרויסע טעאַטער-אַמביציעס, און מיט אַ גרויסן חשק פאַר גוטע דראַמען, ווי זיין פאָטער אַמאָל...

און ווען דער זון האָט זיך געשטעלט פאַר דעם פאָטערס בעט, האָט דער פאָטער צו אים אַזוי געזאָגט:

— ליבער זון מיינער! איך ווייס דיינע אַמביציעס. איך פאַר־שטיי דיין גרויסן הונגער נאָך אַ גוטער דראַמע. איך באַגרייף אויך, אַז דו ווילסט ווערן אַ זוכער, ווי דיין פאָטער אַמאָל...

זון מיינער, טו עס נישט! גיי נישט אויף דעם וועג.

זון מיינער, שלאָג זיך אַרויס פון קאָפּ, אַז ערגעץ איז דאָ אַ גוטע דראַמע...

פאָלג דיין פאָטער, און זוך זי נישט!

איך רעד פון ביטערער דערפאַרונג. איך בין געווען אַזוי יונג, ווי דו און אַזאַ קונסט-ליבהאָבער, ווי דו. איך האָב פאַרשווענדט

יאָרנלאַנג אויף זוכן. און דער סך הכל: איך בין בלינד געוואָרן...

טעאַטער, מיין קינד, איז אַ בלינד שפּיל. מען דאַרף שפּילן מיט צוגעמאַכטע אויגן.

וואָס בלינדער אַ טעאַטער-דירעקטאָר איז, אַלץ מער דערפאָלג האָט ער!

זוך גאָרנישט און דו וועסט געפינען אַלץ: כבוד, דערפאָלג און רייכטום.

אַזוי האָט געזאָגט דער טעאַטער-דירעקטאָר און איז געשטאָרבן.

און דער זון, זאָגט מען, האָט געפאָלגט דעם טאַטן: אַוועקגעוואָרפן די זוכענישן און ער איז, זאָגט מען, איצט איינער פון די רייכסטע טעאַטער-דירעקטאָרן אין לאַנד...

## ווען מען ווערט קליגער.

גיי איך מיר אַזוי איינמאָל אין גאַס און האָב הנאה פון דער וועלט, ווי זי רוישט עס אַזוי, קאָכט זיך אַזוי, טומלט זיך אַזוי, ווי עס וואָלט איר גאָרנישט געפעלט. נאָך אַלעמען איז דאָך גוט צו לעבן אויף דער וועלט, טראַכט איך זיך, — די זון שיינט, אויטאָמאָבילן לויפן, קינדער שפילן זיך. באַלד וועט זיין פרילינג...

אָט אַזוי גיי איך מיר פאַרטראַכט און קוויק זיך. ערשט פלוצלונג דערפיל איך אַ האַנט אויף מיין פלייצע.

איך קוק זיך אום.

— האַלאָ, דאָס זייט איר גאָר!

— יאָ, וואָס מאַכט איר?

— אָלרייט! אַ דאַנק!

פאַר מיר איז געשטאַנען איינער, אַן אַלטער באַקאַנטער, וועלכן איך האָב שוין זייער לאַנג נישט געזען. דאָס איז געווען אַ בחור אין די יאָרן. אַן אינטעליגענט. איך פלעג אים אַמאָל באַגעגענען אומעטום אויף אַלע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען: סיי קאָנצערטן, סיי בעלער און סיי טעאַטער-פאָרשטעלונגען. אָבער די לעצטע צייט האָב איך אים אין ערגעץ נישט באַגעגנט.

פרעג איך אים:

— וואָס זעט מען עס אייך נישט, פריינט קליגער?

— וואו זאָלט איר מיך זען? — ענטפערט ער מיר.

— וואָס הייסט, וואו? — זאָג איך,—ביי אַ ליטעראַרישער דראַמע, ביי אַ ליטעראַרישן קאָנצערט!

גיט מיין פריינט קליגער אַ שמייכל און דער שמייכל איז פול מיט איראָניע און אפשר אויך אַ סך לעבנס-וויזהייט, — פון יענע שמייכלען!

רוף איך זיך אָן:

— וואָס שמייכלט איר אַזוי!

ענטפערט ער:

— ווייל איך בין אין דער צייט, וואָס איר האָט מיך געזען, געוואָרן פיל קליגער.

— איר זייט דאָך אַזוי אויך געווען קלוג, — האָב איך זיך גע-ווּיצלט.

— דערפאַר זאָג איך אייך טאַקע, אַז איצט בין איך געוואָרן נאָך קליגער, — וויצלט ער זיך צוריק.

— אין וואָס באַשטייט אייער קלוגשאַפט? — פרעג איך.

— קומט, לאָמיר גיין, — רופט זיך אָן מר. קליגער. — איך האָב נישט ליב צו דערציילן שטייענדיק. ווען איך שפּאַציר, ווערן מיר די געדאַנקען לויטערער.

מיר האָבן גענומען אַ שפּאַציר און מר. קליגער האָט דערציילט:

— ווי איר געדענקט מיך, — האָט ער אָנגעפאַנגען אין אַ גאַנץ אינטימען טאָן, — בין איך געווען פון א יי ע ר ע מענטשן (ער האָט געדריקט אויף דעם וואָרט: א יי ע ר ע). איך האָב זיך גערעכנט צווישן די קונסט- און ליטעראַטור-ליבהאבער און איך פלעג גיין, וואו די גאַנצע קאָלאָניע פלעגט גיין, בלויז נאָר צו ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. האָט מען אויפגעפירט אַ ליטעראַרישע דראַמע — איך בין דאָרט. האָט מען געמאַכט אַ ליטעראַרישן קאָנצערט— איך בין דאָרט! הכלל, ווי אַלע! און איר ווייסט, אַז מיין פוס איז קיינמאָל נישט געווען דאָרט, וואו מען שפּילט שונד. אַ קלייניקייט שונד! איך וועל גיין צו שונד? (דערביי האָט ער איראָניש געשמייכלט). און אַזוי בין איך געווען פאַררעכנט אַלס אַ „זייל" פון דער קאָלאָניע. מען האָט שוין געוואוסט, אַז מיך וועט מען זיכער טרעפן ביי דער און דער אונטערנעמונג. ווי דען-זשע אַנדערש? און אָט אַזוי זענען די יאָרן געלאָפן... איך פלעג גיין צו קאָנצערטן, ליטעראַרישע דראַמען, ליטעראַרישע אָוונטן — און גאָרנישט. געוויינלעך פלעג איך נישט גיין אַליין, נאָר שטענדיק מיט אַ מיידל. נאָר דאָס מיידל פלעג א י ך ברענגען — אָבער פאַרברענגען פלעגן מיט איר אַנדערע... און אַזוי זענען די יאָרן געלאָפן אין ליטעראַטור, קונסט, און באמת געזאָגט, אַ ביסעלע אויך אין פּאַרדרוס. ווייל נאָך אַלעמען, איז מען דאָך נישט מער, ווי אַ מענטש און אַלס מענטש מוז איך אייך זאָגן, אַז אַלס

מיטגליד פון אונזער קאָלאָניע, אַלס קונסט- און ליטעראַטור-ליבהאָבער קאָן מען ווייניק וואָס הנאה האָבן פון דער וועלט. פאַרוואָס? — מען לאָזט נישט! קומסט אין טעאַטער מיט אַ מיידל, זי איז יונג, זיס, ליב און אַז. וו. דו ווילסט מיט איר זיצן אַליין, ביחידות, און האַלטן איר האַנט אין דיינער, און אפשר טאַקע אויך שעפּטשען ליבע-ווערטער. אָבער טאַקע דאָ שטערט מען דיר. דו ביזט אַ מיטגליד פון דער קאָלאָניע, באַקאַנט צו אַלע ליבהאָבער פון קונסט און ליטעראַטור, און תיכף ווי דו קומסט אין טעאַטער, איז באַלד: האַלאָ! און וואָס מאַכסטו? און דער עיקר, ווען דו קומסט מיט אַ שיין יונג מיידל, איז באַלד די גאַנצע קאָלאָניע אַרום איר... דו מוזט זי פאָרשטעלן פאַר אַלעמען, און באַלד נעמט מען זי שוין ביי דיר אַוועק. מען רינגלט זי אַרום, מען גיט איר קאָמפּלימענטן, מען פרעסט זי מיט די אויגן, און ווילסטו זיצן מיט איר אַליין — קענסטו שוין נישט. ווייל אַרום דיר, פאַר דיר און הינטער דיר זיצן באַקאַנטע און זיי ווינצלען זיך, רעדן, שושקען זיך טאַקע אויף דיין חשבון... און צענדליקער אויגן קוקן אויף דיר און אויף דיין מיידל און צום סוף? — דו גייסט אַוועק אַהיים, ווי אַ נאַר...

ער האָט זיך אָפּגערוט און פאָרטגעזעצט:

— און ווייסט איר, ווי אַזוי איך האָב איינגעזען, אַז דאָס טויג נישט? — דורך אַ צופאַל! ביז דאַן האָב איך געלעבט, ווי איר אַלע, אין דער קאָלאָניע, בציבור. אין קרייז פון קונסט און ליטעראַטור. און די יאָרן זענען געפלויגן — און גאָרנישט... אָבער איינמאָל, דורך אַ צופאַל, באַקען איך זיך מיט אַ מיידל און זי בעט מיך, איך זאָל ביי איר קויפן אַ בילעט צו עפּעס אַן אונטערנעמונג און זי וועט טאַקע מיט מיר מיטגיין...

פרעג איך גלייך: אין וואָס פאַר אַ טעאַטער?

זאָגט זי: אין קניידלס טעאַטער.

רוף איך אויס: אין קניידלס? — ניין, פריילין, אַהין גיי איך נישט! — דאָרט שפּילט מען שונד!

אָבער אַזוי ווי מיין מיידל איז געווען אי שיין, אי יונג, האָט זי מיך געגומען איינרעדן: קומט! — האָב איך נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון און בין מיט איר אַוועק. אויפן גאַנצן וועג האָב איך גע-ציטערט—עמעצער זאָל מיך נישט באַגעגענען און זען וואוהין איך גיי.

אַ ווערטעלע אויסצורעדן — צו אַ שונד-פּיעסע! אַזאַ פאַרברעכן.

אָבער מיר האָט אָפּגעגליקט: קיינער האָט אונז נישט באַגעגנט און איך בין בשלום אָנגעקומען אין יענעם טעאַטער.

און דאָ טאַקע האָבן זיך מיר די אויגן געעפנט און איך האָב איינגעזען, ווי גוט עס איז! אָנקומענדיק אין טעאַטער, האָבן מיר פאַרנומען אונזערע בענקלעך און הערט — אַ פאַרגעניגן. קיינער קאָן מיך נישט... קיין האַלאָ! קיין „זדראַווסטוויטע". מיר האָבן זיך צע־זעצט — איך מיט מיין מיידל און קיינער שטערט אונז נישט... איך האַלט איר האַנט אין מיינער — קיינער קוקט נישט. ווייל אַלע זיצן אַזוי ווי איך. שוין צום ערשטן אַקט האָב איך דערזען, אַז אַלע פּאָרלעך זיצן אָנגעלענט איינער אויפן צווייטן, און אַזוי ווי קיינער קאָן מיך נישט — נעם איך און טו אויך אַזוי... צום צווייטן אַקט האָב איך איר געקויפט שאָקאָלאַד און מירביידע האָבן געגעסן, ווי אַלע.

און צום דריטן אַקט האָב איך שוין אַריינגעכאַפּט און איר אַ געשמאַקן קוש געטאָן... און איך בין אויך נישט געווען דער איינצי־קער, וואָס האָט עס געטאָן... צום פערטן אַקט זענען מיר שוין גע־זעסן, ווי אמתע פאַרליבטע. די פּיעסע האָט איר „צונומען", זי האָט געוויינט און איך האָב זיך גאָר פאַרגעסן צו שעמען זיך, וואָס זי וויינט ביי אַ שונד־פּיעסע, און איר אויסמוסרן דערפאַר — נאָר איך האָב, ווי אַן אמתער פאַרליבטער, איר געווישט די אויגן...

הכלל, וואָס איז דאָ פיל צו רעדן. פון יענעם אָוונט אָן האָבן זיך מיר די אויגן געעפנט. איך האָב איינגעזען, אַז ביז איצט האָב איך געלעבט, ווי אַ נאַר... און כ'בעט אייך, וואָס טויג מיר ליטעראַ־טור און קונסט, אַז מען לאָזט נישט לעבן? און פון דאַן אָן גיי איך בלויז צו שונד־פּיעסן. און טאַקע דערפאַר האָט איר מיך אַזאַ לאַנגע צייט נישט געזען צווישן אייך, און האָפנטלעך, אַז איר וועט מיך נאָך לאַנג נישט זען, — האָט מיין פריינט קליגער פאַרענדיקט.

# די קוואָטע פאַר דער אייביקייט.

(אַ מעשהלע).

די אייביקייט איז זייער אַ גרויסע אונטערנעמונג.
אפשר די גרעסטע אין דער וועלט.
איז שרייבער נעמען זי פשוט און גרינג:
מען שרייבט אויף עטלעכע ביכער און מען פאַרשרייבט זיך אין אייביקייטס-בוך.

שטאַרבט אַ שרייבער, פאַרכאַפּט ער מיט זיך „זיינע ווערק" און קומט מיט זיי צום טויער פון דער אייביקייט.

כאַפּט דער שומר אַ קוק אין די ווערק. ער לייענט זיי נישט. נישטאָ קיין צייט. לייענט איבער בלויז דאָס שער-בלאַט. זעט, צי דער „קאָפּירייט" איז אויפן ריכטיקן פּלאַץ, גיט אַ מיש די בלעטער — צי דאָס פּאַפּיר איז גוט — און ער לאָזט אַריין...

די שרייבער איז גוט. אָבער וואָס זאָלן טאָן די אַקטיאָרן?

איז געווען אַ צייט, ווען די מערסטע אַקטיאָרן האָט מען טאַקע נישט אַריינגעלאָזט אין דער אייביקייט... בלויז איינצלנע, אויסדער-ווייילטע, וועמענס רום האָט אַפילו דערגרייכט צו די טויבע אויערן פון דעם שומר ביים טיר (ער איז זייער אַלט און טויב). פלעגן זיי זיין די גליקלעכע.

די איבעריקע פלעגן זיך אומוואָגלען אין דער לופט, ווי נישט אנגאַזשירטע אַקטיאָרן.

אָבער אַ ביסעלע שפּעטער איז געקומען אַ גליקלעכע צייט פאַר אַקטיאָרן:

כמעט אַלע האָבן גענומען שפּאַרן זיך אין דער אייביקייט. אַ קלוגער יונגערמאַן, אַ פּרעסע-אַגענט ביי אַ טעאַטער, האָט אויסגעפונען די אויסשניטן פון די צייטונגען.

האָבן אַקטיאָרן גענומען אויסשניידן און זאַמלען אַלע גוטע ווערטער וועגן זיי (שלעכטע פלעגן זיי לאָזן אין די צייטונגען). און ווי זיי פלעגן געבן אַ שטאַרב (אויף אַן אמת און נישט אויף דער בינע), פלעגן זיי מיטנעמען מיט זיך די „אויסשניטן" איינגעקלעפּט זיי אין פיינע באַגאָלדעטע טאָוועלעך, און זיי פלעגן קומען צום טויער פון דער אייביקייט.

און דאַן פלעגט צווישן שומר און דעם טויטן אַקטיאָר פּאָרקו־מען אַזאַ פּראָלאָג:

שומר: נאָמען?

אַקטיאָר: דער און דער!

שומר: באַשעפטיקונג?

אַקטיאָר: „סטאַר"! (אין יענער צייט זענען אַלע געווען סטאַרס).

שומר: דאָקומענטן?

אַקטיאָר: אָט אָ!

און דער אַקטיאָר האָט דעם שומר צוגעטראָגן, עכט טעאַטראַליש, צום סאַמע נאָז, אויסשניטן אין גאָלדענע טאָוועלעך.

האָט דער שומר אַ מיש געטאָן, געגלויבט און אַריינגעלאָזט אַלעמען...

איז די אַקטיאָרן שוין אויך געוואָרן גוט.

איז געוואָרן ממש אַ פּאַרפלייצונג פון אַקטיאָרן אין דער אייביקייט.

אָבער אויך די אייביקייט פאַרמאָגט גאַטיוויסטן און עמיגראַנטן־פּרעסער, האָבן זיי גענומען שרייען:

— צופיל!

— ענג!

— ס'איז נישטאָ זיך וואו אַ קער צו טאָן?

— און די גרינע פירן איבער די מאָראַל!

— חוצפּהניקעס! קיין רעספּעקט!

— קיין אָפּשיי פאַר עלטערע! יעדער איז אַ „סטאַר"! פאַרכאַפּן די בעסטע פלעצער א. אַז. וו.

און זיי האָבן גענומען פאָדערן אַ „קוואָטע".

דערווייל האָט זיך געמאַכט אַ זאַך, וואָס האָט זיי צוגעהאָלפן אויך. מען האָט געכאַפּט איין „סטאַר" ביי אַ פעלשונג!

איין אַקטיאָר האָט נישט געהאַט קיין גוטע אויסשניטן. די קריטיק האָט אים נישט געלויבט (צי ווייל ער האָט שלעכט געשפּילט, צי ווייל ער איז געווען גלאַט אַ שלימזל? — ווייס איך נישט). איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן: (ער איז דווקא געווען אַ „גראַמאַטנער") ער האָט גענומען די שלעכטע קריטיק, אויסגעשניטן און זיי אויסגעבעסערט. וואו עס איז געשטאַנען טאַלאַנטלאָז, האָט ער אָנגעשריבן טאַלאַנטפול און פּורצע האָט ער פאַרביטן מיט „גאון"...

און דער שומר האָט זיך נישט געכאַפּט איז ער מיט זיי אַריין אין דער אייביקייט.

אָבער איר ווייסט דאָך, קנאה הערשט אומעטום.

האָט אים אַ פריינטל זיינער געמסרט, און מען האָט אים אַרעסטירט, געשטעלט צום געריכט, איבערגעקוקט גוט די אויסשניטן— און דעפּאָרטירט (דאָס איז געווען די ערשטע דעפּאָרטירונג פון דער אייביקייט).

האָבן זיך די שונאים פון פרייער עמיגראַציע נאָך דער אייביקייט אָנגעכאַפּט אָן דעם מיט גרויס היץ און גענומען פאָדערן נאָך שטאַרקער:

— אַ קוואָטע!

— אַ קוואָטע!

און זיי האָבן אויסגעפירט:

עס איז אַרויס אַ „באַפעל", אַז אויסשניטן זענען נישט גענוג, מען דאַרף האָבן גאַנצע קריטיקן (צוויי און אַ האַלב קאָלום אַ קריטיק) מיט לויב-געזאַנגען און חשבונות און פון אָריגינעלן קריטיקער, נישט קיין רעצענזענט, אָדער געשעפטס-פאַרוואַלטער.

איז עס שווער צו קריגן...

און פון דאַן איז מיט די אַקטיאָרן ווידער צרות:

געציילטע בלויז האַלטן אויס די „קוואָטע"-גזירות און ברענגען גאַנצע קריטיקן, אָבער די איבעריקע קענען עס נישט באַווייזן.

איז לעבן זיי טאַקע אַ פאַרוואָגלט לעבן.

ביים לעבן לויפן זיי נאָך די קריטיקער.

און נאָכן טויט שטייען זיי און קלאַפּן אין טויער מיט ציטערדיקע אויסגעשפּילטע פינגער:

— לאָזט אונז אַריין!

— האָט רחמנות!

און אַנדערע שיקן אַפּילו אַפּעלאַציעס אין די הויכע פענסטער און בעטן רחמים, און אַנדערע סטראַשען אַפּילו.

און אַקטריסעס אַרבעטן אויף זייער שטייגער מיט־היסטעריקע...

אָבער דער שומר ביים טויער איז, אַ חוץ וואָס ער איז טויב אויף די אויערן, אויך טויב אויפן האַרצן. און ער שטייט שטרענג, ווי דאָס קאַלטע געזעץ, און ער לאָזט נישט אַריין...

ער ברומט בלויז שטרענג:

— העי, אַקטיאָרטשיקעס, הערט אויף מאַכן אייערע שטיק — מען קען אייך!

איז די אַקטיאָרן שלעכט. זייער שלעכט.

## דער אַלטער דירעקטאָר.

ער האָט פאַרקויפט זיין טעאַטער. אַ גרויס טעאַטער.
ער איז אַלט און זאַט אין יאָרן און אין געלט.
האָט ער נישט וואָס צו טאָן.
אומעטיק.
דרייט ער זיך אַרום איבער דער עוועניו אַ צעטראָגענער.
אָט בויט מען אַ ניי טעאַטער.
פאַר קונסט נאָר. נישט זיין זאַך. ער האָט געמאַכט געלד
פון שונד.
ער האַלט נישט פון קונסט.
אָבער אַ טעאַטער איז עס דאָך.
איז אָט שטייט ער שוין אינעווייניק.
אַרום די בעלי־מלאכות.
און ער האָט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער איז נישט דער
באַלעבאָס דאָ.
ער גיט באַפעלן די בעלי־מלאכות
און זיי קוקן אים אָן. אַן אַלטער מאַן.
רעדט מעשה־באַלעבאָס, מיט אַזאַ תקיפות.
מן הסתם איז ער עס.
און זיי פאָלגן...
ער הייסט זיי דאָס און דאָס.
מאַכן זיי.
ער איז צעפרידן... גייט אַוועק

בלאָנדזשעט איבער דער עוועניו.
און חשבונט...
און אָט איז ער שוין אין אַ צווייטן טעאַטער.
אַמאָל איז עס געווען אַ קאָנקורענץ צו זיין טעאַטער.
אָבער איצט? — אַ טעאַטער.
ער קומט צו צו דער קאַסע.
קוקט, גיט אַכטונג.
ער זעט: מען גיט פרייע בילעטן.
— נישט געבן! — גיט ער אַ געשריי.
— מען טאָר נישט!
— פאַרוואָס קומט עס זיי?
— זאָלן זיי קויפן!
דער קאַסירער קוקט אים אָן.
— אַהאַ! ער!... ווערט ער צעטומלט.
אָבער דער אַלטער דירעקטאָר איז שוין אינדרויסן.
ער שפּאַנט ווייטער.
אָט איז זיין טעאַטער... זיינס.
עס גיט אים אַ בליץ אין קאָפּ:
— פאַרקויפט.
— נישט מער באַלעבאָס.
אָבער דאָס דויערט נישט לאַנג. באַלד פאַרגעסט ער זיך און קומט אַריין מעשה-באַלעבאָס.
דרייט זיך אַרום אין קאָרידאָר. חשבונט...
— דערפאָלג, גרויסער דערפאָלג...
עס קומט אַן אַקטריסע.
ער שטעלט זי אָפּ.
— וואָס אַזוי שפּעט, האַ? אַזוי שפּעט צו פּראָבע?
— פאַרשלאָפן זיך, הער דירעקטאָר!
ער פאַרקרימט זיך.
— ניין, עס טויג נישט, צו פּראָבע מוז מען זיין אין צייט... איך וועל אייך אָנקלאָגן צו דער יוניע... איך וועל אייך אַוועקשיקן!
די אַקטריסע קוקט אים אָן מיט אַ שמייכל. זי ווייסט, ער איז מער נישט קיין באַלעבאָס דאָ...
— אָבער, הער — — —

— קיין „אָבער"... דיסציפּלין!.. טעאַטער קאָסט בלוט... און איר, מיאוסע מויד...

— אָבער וואָס איז אייער באָבעס דאגה? — צעשרייט זיך די אַקטריסע. — איר זייט דאָך דאָ מער נישט קיין — — —

אָבער ער איז נישטאָ. ער איז שוין אינדרויסן. אין כּעס... אַזעלכע מיאוסע מיידן!

און ער שפּאַנט שוין ווייטער. חשבונט:

— וויפל וועט די אָפּערעטע איינטראָגן?.. וויפל קען זי נאָך גיין?..

פלוצלונג כאַפּט ער זיך:

ער האָט דאָך נישט קיין טעאַטער... פאַרקויפט...

איבערגעגעבן... ער איז אַלט... מיד...

און אים ווערט אומעטיק.

— טאַקע פאַרקויפט... און צו וואָס האָט ער עס געטאָן? אפשר אָפּקויפן צוריק? אָדער גאָר אַ נייער פּלאַן: ער וועט בויען גאָר אַ נייעם טעאַטער... אַ גרויסן, דעם גרעסטן... זאָלן זיי זען, אַז ער קען נאָך, לעבט נאָך... ווען ער וויל נאָר, קען ער עס... געלט פעלט אים נישט.

אָבער פלוצלונג דערפילט ער אַ שטאָך אין זייט... ער גיט אַ הוסט.

— ניין, שוין נישט די יאָרן. זאָלן די יונגעלייטלעך זיך שפּילן... ער איז שוין אַלט...

און ער שפּאַנט ווייטער איבער דער עוועניו.

## מיין לאַנדסמאַן וועגן טעאַטער.

צערעד איך זיך מיט מיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַן עלטערן יידן, אַ היימישן למדן און אַ גאַנץ קלוגן יידן וועגן טעאַטער.

פרעג איך אים:

— גייט איר אַמאָל אין טעאַטער?

— צו וואָס? — ענטפערט ער מיר.

— וואָס הייסט, צו וואָס? טעאַטער! — רוף איך אויס.

— נו, אַז טעאַטער איז וואָס? — ענטפערט ער גאַנץ געלאַסן.— ראשית, איז טעאַטער נישט קיין יידישע זאַך, נאָר אַ גוייִשע, און מיר דאַרפן נישט נאָכטאָן די גויִים. און, צווייטנס: וואָס לערנט מען פון טעאַטער? איך האָב אויף מיין לעבן איינמאָל געזינדיקט, געווען אין טעאַטער. צו אַ בענעפיס פון מיינע לאַנדסלייט, פאַר די מלחמה-קרבנות פון אונזער שטעטל. איך האָב געמוזט, איר פאַרשטייט, אַ מצווה, פיקוח נפש... נו, האָב איך דאַן געזען, וואָס דאָס איז אַזוינס טעאַטער... מען האָט געשפּילט עפּעס אַ שטותעריי, אַ נאַרישקייט... כ'ווייס וואָס... ס'איז נישט געווען וואָס צו זען און צו הערן... מען האָט זיך געקושט, ווי די שקצים מיט די שיקסעס, און איינער, עפּעס אַ שוטה, האָט זיך געקריגט מיט דעם ווייב און איינע, אַ פרעכע נקבה, טאַקע זיין ווייב, משמעות, האָט אים געשאָלטן מיט טויטע קללות. נו, איז פרעג איך אייך: צי וואָס דאַרף איך עס זען? בין איך געזעסן און געטראַכט: פראים! אַ וועלט מיט פראים, מען לויפט אין טעאַטער, מען צאָלט פאַר בילעטן, און וואָס זעט מען דאָרטן?— אַ פּאָרל קושט זיך! — פּשש! קען מען דאָך עס זען זומער אין פּאַרק אָן געלט און ראיעלער אויך... און דאָסזעלבע, זאָג איך אייך, איז וועגן דעם קריגן זיך מיט דעם ווייב, וואָס איינער האָט זיך

דאָרטן געקריגט — איז אָט דערפֿאַר דאַרף מען צאָלן געלט? און אַליין קריגט איר זיך דען נישט מיטן ווייב? און ביי אייער שכן הערט איר דאָס גאָרנישט? פֿראַים, אַז מען ווייזט אייך דאָס אין טעאַטער, איז דאָס בעסער? גלויבט מיר, אַז קיין אַקטיאָר קען זיך נישט קריגן בעסער פֿון אייך מיט אייער ווייב! איך ווייס, אַז קיין אַקטריסע קען בשום אופן אין דער וועלט נישט בייקומען מיין זלאַטען!.. איז דאָך די גאַנצע מעשה-טעאַטער הבל הבלים! אלא, וואָס דען? מען האָט דאָרט אין טעאַטער אויך געוויינט און איינע אַן אַקטריסע האָט אויך געחלשט — נו, איז, זאָגט אַליין, דאַרף מען דערפֿאַר לויפֿן אין טעאַטער און אַרויסוואַרפֿן געלט בחינם?.. איר ווילט זען מענטשן וויינען? — נו, טאָ גייט צו לוויות! ביי אַ לוויה וויינט מען אַ סך ריכטיקער, מיט אמתערע טרערן... און דער עיקר, עס קאָסט קיין געלט נישט... די איינציקע זאַך, וואָס לויט מיין מיינונג, איז יאָ עפּעס ווערט, איז דער שלימזל, אָט דער לא-יוצלח, דער ווערטל-זאָגער און פֿריילעך-מאַכער, איך ווייס, ווי איר רופֿט עס...

— קאָמיקער! — העלף איך אים אַרויס.

— זאָל זיין קאָמיקער! — מאַכט מיין לאַנדסמאַן. — קיין נפֿקא מינה, דערזעלבער שלימזל... איז אָט דער קאָמיקער טוט שוין יאָ עפּעס, אָבער דאָך איז עס כּדאַי צוליב אים גיין אין טעאַטער? ראשית, איז איינפֿאַך אַ חרפּה — אַן עלטערער מענטש שוין, דאַכט זיך, און מאַכט זיך אַזוי משוגע. ווען אַ יונגערמאַנטשיק מאַכט זיך אַזוי, איז נאָך צו דערליידן, ווי שטייט געשריבן: שמח בחור... אָבער אַן עלטערער מענטש דאַרף שוין אָנהייבן טראַכטן וועגן אַ תּכלית... און, צווייטנס, צאָלן דערפֿאַר געלט איז מען אוודאי נישט מחויב... מען קען דאָס קריגן אָן געלט אויך. אָט בין איך לעצטן זומער געווען אין קאָנטרי, איז דאָרט געווען אַ יונגערמאַן, אַ שלימזל, האָט ער זיך אויך געמאַכט משוגע און אָן אַ גראָשן געלט, און ער איז נישט געווען קיין אַקטיאָר!..

— אָבער, — פּרוּוו איך איינוועגדן, — נאָך אַלעמען איז דאָך די וועלט נישט משוגע. אַז די וועלט האַלט פֿון טעאַטער, מן הסתּם איז דאָך דאָ עפּעס דערין אַ שכל, אַ ממשות... גראָד האָט איר אָנגעטראָפֿן, אַז מען האָט געשפּילט אַ נאַרישע זאַך, אָבער מען שפּילט דאָך גוטע זאַכן אויך.

אַמאָל שפּילט מען, זאָג איך, אַ דראַמע, איז דאָ וואָס צו זען,

מען ווייזט אייך אַ שטיק לעבן, קען מען דערפון עפּעס לערנען, ווערן קליגער, אַראָפּנעמען אַ מוסר...

— אַז אָך און ווי צום לערנען! — מאַכט מיין לאַנדסמאַן. — איר הערט, פון וועמען מען גייט עס לערנען? פון הפקר-יונגען, פון קאָמעדיאַנטן! אויב שוין לערנען, טאָ לערנט פון פיינע מענטשן! לערנט פון באַלעבאַטישע יידן! איר זאָגט, אַראָפּנעמען אַ מוסר? — אָבער אַז אָך און ווי צו דעם מוסר, וואָס מען קאָן שוין נעמען פון אַ טעאַטער... עס איז בלויז חוזק און נישט מער. און אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט, אַז די וועלט איז נישט משוגע!—איז, ראשית, פונוואַנען ווייסט איר? אַט גלויב איך, אַז זי איז דווקא יאָ משוגע. דער הויפּט-חסרון פון דער היינטיקער וועלט איז, וואָס זי האָט נישט וואָס צו טאָן, וואָס זי גייט אַרונטער פון זינען, פון ראָסקאָש... איז אָנשטאָט גיין אין שול—לויפט זי אין טעאַטער, און אָנשטאָט צו גלויבן אין גאָט, גלויבט זי אין אַקטיאָרשטשיקעס... עט, איך זאָג אייך, אַז טעאַטער איז אַ פּוסטער ענין, אַ נאַרישקייט און קיינער ווערט פון טעאַטער נישט פרימער און נישט קליגער... אָך, וואָס מען רעדט זיך איין נאַרישקייטן — קלוג ווערן פון טעאַטער! קלוג ווערן קען מען פון ספרים. ווילסט ווערן אַ קליגערער מענטש, קוק אַריין אין אַ ספר. די וועלט האָט אַזויפיל ספרים, סיי הייליקע, סיי חיצונים... איך האַלט נישט פון די ספרים חיצונים, אָבער דאָך קען מען נישט לייקענען, אַז טאָלסטאָי איז געווען אַן אָרנטלעכער גוי און אַ חכם און מען קען פון זיינע ביכער אויך עפּעס לערנען... דער אמת איז אָט וואָס, — פאַרענדיקט מיין לאַנדסמאַן מיט נצחון, — מען גייט אין טעאַטער נישט צו לערנען און נישט צו קליגער ווערן און נישט צו פרימער ווערן, נאָר ווי איר רופט עס—צו אַמוזירן זיך... מען גייט מיט פרעמדע ווייבלעך, מען עסט שאָקאָלאַד, מען הערט ניבול פה— אָט דאָס איז דער אמת!

— מעגלעך, אַז איר זענט גערעכט, — רוף איך זיך אָן, — אָבער נאָך אַלעמען, מיין ליבער לאַנדסמאַן, דאַרפט איר נישט פאַרגעסן, אַז די היינטיקע וועלט איז נישט דאָס, וואָס אַמאָל. מען וויל איצט האָבן עולם הזה אויך, חוץ עולם הבא, און ס'איז גאָרנישט קיין עוולה אויך...

— ס'איז בלויז פּוסטע דבורים!—ווערט מיין לאַנדסמאַן שטרענג.— די וועלט קען מען נישט אַריינכאַפּן, עולם הזה, ברודערל, איז נישט

אין אונזערע הענט... מען וויל פאַרכאַפּן עולם הזה און אָט קומט אַ קראַנקהייט און לייגט אונז אַריין אין בעט אַריין — און אויס מיט אונזער עולם הזה. זעט איר, עולם הבא—דאָס קענען מיר יאָ אַריינכאַפּן... מעשים טובים קען מען אַפּילו טאָן ליגנדיק אין בעט...

— ס'איז, זאָג איך, אַ מיינונג, אָבער דאָך בין איך מיט אייך נישט איינשטימיק. בכלל איז טעאַטער נישט קיין נייע זאַך. זינט וועלט איז וועלט, זענען געווען טעאַטערן און אַקטיאָרן.

— נו, איז וואָס? — מאַכט עס מיין לאַנדסמאַן אַוועק מיט דער האַנט. — און אַז טעאַטער איז נישט קיין נייע זאַך, איז וואָס-זשע לאָזט עס אונז צו הערן? אָט איז דער יצר-הרע אויך נישט קיין נייער, און די סטרא אחרא אויכעט!... און דער שטן, וואָס פאַרפירט מענטשן, איז אויך נישט קיין יינגעלע... און אַז דער נחש איז גאָר געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך געוויזן פאַר אָדם וחוהן — נו, איז דערפאַר דאַרף איך האַלטן פון נחש? עט, נו, מילא, מיר וועלן שוין איינע די אַנדערע נישט איבערמאַכן, — אַ גוטן טאָג!

## דער ייד מיטן טשעמאָדאַן.

איך האָב זיך לעצטע וואָך באַקאַנט מיט אַ מאָדנעם יידן, און אויב איר האָט גאָרנישט דאַקעגן, וועל איך אייך באַקענען מיט אים. (און ווען איר האָט אַפילו יאָ דאַקעגן, וועל איך אייך אויך באַקאַנען מיט אים).

עס איז אַ מאָדנער ייד, אַ שטיקל טשודאַק. אפשר אַ משוגע-נער, איך וויל זיך נישט גריבלען...

קורץ: עס איז אַ ייד מיט אַ טשעמאָדאַן.

ווען איר באַגעגנט דעם יידן, איז ער קיינמאָל נישט אַליין — נאָר מיט אַ טשעמאָדאַן... אַ שווארצער, אַ לענגלעכער, עפּעס אַ מאָדנער, נישט קיין היגער. מיט דעם טשעמאָדאַן גייט דער ייד או-מעטום — אָבער דער עיקר אין טעאטער...

דער טשעמאָדאַן איז זיין דאַמע, זיין לעבנס-באַגלייטערין... ווען ער קומט אין טעאַטער און פאַרנעמט זיין זיץ, שטעלט ער דעם טשעמאָדאַן לעבן זיינע פיס... און כדי צו זיין זיכער מיטן טשעמאָדאַן, שטעלט ער אַרויף אויף אים אַ פוס...

און די שכנים, וועלכע ס'איז באַשערט צו זיצן לעבן דעמדאָ-זיקן יידן מיטן טשעמאָדאַן, קומט אויס צו ליידן זייער פיל...

ווען זיי דאַרפן אַריין, מוזן זיי ווארטן ביז דער מאַן הייבט אויף דעם טשעמאָדאַן, און דאָסזעלבע, ווען זיי גייען אַרויס... און דערביי מורמלט ער, דער ייד, ער איז שטאַרק ברוגז, נישט אַזוי וואָס מען איז אים מטריח, נאָר וואָס מען שטערט די רו פון זיין טשעמאָדאַן...

ווען אין טעאַטער ווערט פינסטער, ווערט אונזער ייד זייער נערוועז... ער וואַרפט חשד-בליקן אויף אַלע זייטן, ווי ער וואָלט

מורא געהאַט, מען זאָל ביי אים נישט אוועקרויבן זיין טשעמאָדאַן... און ווען ער דאַרף אַרויסגיין אין די אַנטראַקטן, נעמט ער דעם טשעמאָדאַן מיט.

איבערלאָזן אים — חס וחלילה!

זייט איר דאָך אַוודאי שוין נייגעריק צו וויסן, וואָס האָט דער ייד אַזוינס און אַזעלכעס אין זיין טשעמאָדאַן?

אַוודאי זענט איר נייגעריק, איך בין אויך געווען נייגעריק... איר מיינט אַוודאי—דימענטן, גאָלדענע רינגען, זייגערלעך? — איך האָב אויך אַזוי געמיינט.

אָבער נישט דאָס...

דער ייד האָט אין טשעמאָדאַן זיין גאַנצע דראַמאַטישע טעטי־קייט... אַלע זיינע פּיעסן, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין פאַרלויף פון דער צייט, וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט דראַמען־מאַכעריי.

אַלזאָ, איצט איז אייך שוין קלאָר, וואָס דער טשעמאָדאַן פאַר־מאָגט אין זיך...

אָבער עס זענען געבליבן נאָך אַ סך פראַגן נישט פאַרענטפערטע.

ערשטע פראַגע: און אַז פּיעסן איז וואָס? — קען מען זיי נישט איבערלאָזן אינדערהיים?..

איז דער תּירוץ: זעט איר דאָך, אַז מען קען נישט! וואָס מיינט איר—איבערלאָזן אינדערהיים? איר דאַרפט קענען דעמדאָזיקן יידנס וויב, מיינע הערשאַפטן!..

דערדאָזיקער ייד האָט אַ וויב, וועלכע איז (אָ, אַ גרויסער בזיון!) אַ בלוטיקער שונא פון פּיעסן. און דערהויפּט פון איר מאַנס פּיעסן... זי זאָגט, אַז ווען נישט די פּיעסן, וואָלט איר מאַן געבליבן אַ פרעסער ביי מענער־אַרבעט, און ער וואָלט געמאַכט אַ לעבן, ווי אַלע פרעסער... זינט ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין פּאַטשקען (אוי, וויי איז אונז, ביי איר הייסט עס פּאַטשקען!) איז נישטאָ מיט וואָס צו צאָלן דירה־געלט!..

און דעמדאָזיקן יידנס וויב שווערט זיך, אַז ווען צו איר פאַלט אַריין איר מאַנס טשעמאָדאַן, וואָלט זי שוין געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים: אין „טייך", איר הערט, אין „טייך" וואָלט זי אים אַריינגעוואָרפן!.. עס וואָלט אפשר גענומען אַ סוף צו די צרות... איר פאַרשטייט אַן אומגליק, אַ מענטש פּאַטשקעט און פּאַטשקעט

פּיעסן און ווער, וואָס, וועמען, קיינער וויל עס אַפילו נישט אָנקוקן... אַזוי טענהט דעם יידנס ווייב...

אי, ווען דערדאָזיקער אומגליק, זי מיינט דעם טשעמאָדאַן, פאַלט צו איר אַריין אין די הענט! איז אָבער פאַלט ער נישט אַריין. איר דראַמאַטורג ווייס, וואָס פאַר אַ מיינונג זיין ווייב האָט וועגן זיין טשעמאָדאַנטשיק... און ער היט אים אָפּ, ווי אַן אויג אין קאָפּ... לאָזט אים נישט אַרויס פון האַנט. אין הויז זיצט ער מיט אים, שלאָפט מיט אים, אין גאַס נעמט ער אים מיט.

— מען קען פון זיי ביידע נישט פּטור ווערן! — אַזוי קלאָגט אונזער יידנס ווייב.

איינמאָל, איר הערט, האָט שוין געהאַלטן אויף אַ דרך: מען האָט איר שלימזל איבערגעפאָרן, אַ מאַשין האָט אים איבערגעפאָרן... געמיינט — פּטור! אפשר וועט אין טומל פאַרלוירן גיין דער טשע־מאָדאַן אויך... ערשט עס הייבט זיך נישט אָן! ער איז נישט פאַר־לוירן געגאַנגען און אַפילו נישט געשעדיקט געוואָרן. מען האָט זיי ביידע צוגענומען אין האָספּיטאַל: אים מיטן טשעמאָדאַן... און זיי זענען ביידע געקומען צוריק געזונט און גאַנץ: ער און דער טשע־מאָדאַן...

האָבן מיר שוין איין פראַגע פאַרענטפערט. איצט קומט די צווייטע פראַגע:

פאַרוואָס פאַרקויפט נישט דער ייד קיין איין פּיעסע פון זיין טשעמאָדאַן?

דער ייד אַליין פרעגט עס אויך, און נאָכמער ווי איר...

טאַקע פאַרוואָס? איר שפּילט זיך מיט די טעאַטער־דירעקטאָרן, די רשעים, די פּאַסקודניאַקעס!.. זיי ווילן נישט צולאָזן צום פּסוק! זיי גיבן קיין געלעגנהייט נישט!

ער האָט שוין פאַרהאַנדלט מיט זיי, מיט די פּאַסקודניאַקעס, נישט איינמאָל, שוין איבער צען יאָר אַז ער פּייניקט זיך מיט זיי — און גאָרנישט!..

זיי קויפן נישט!

אין דער צייט האָבן זיי שוין אויפגעפירט אַלע שמאַטעס: איבסענס, ראַלאַנס, שלום־עליכמס, און זיינע נישט!

גאָלד וואַלגערט זיך ביי אים אין טשעמאָדאַן און קיינער וויל עס נישט אויפהייבן...

איצט ווייסט איר שוין.

אָבער מען דאַרף זיין גערעכט צו די טעאַטער־דירעקטאָרן, זיי זענען נישט גאָר אינגאַנצן שולדיק:

אונזער דראַמאַטורג מיטן טשעמאָדאַן איז אויך אַ ביסל שולדיק. איר פאַרשטייט, די מעשה איז אַזוי: ער וויל קיין פּיעסע נישט איבערלאָזן אין קיין טעאַטער... ער וויל, אַז מען זאָל אים גלייך אויסהערן... שוין איבערגעלייענט — און שוין באַשלאָסן! וואָס־זשע דען, ער איז אַ יאָלד, ער וועט נעמען איבערלאָזן אַן „אוצר" אויף „הפקר"? ער קען זיי, די חברה־לייט, ער האָט געהערט, וואָס זיי טוען מיט אַ יאָלד: זיי נעמען אַ פּיעסע און גנבענען זי צו, און פאַרפאַלן, מען זעט נישט קיין סענט!

נישט ביי מאָטיען! מיט אים וועלן זיי אַזעלכע שטוקעס נישט מאַכן! ער דרייט זיך שוין איבער צען יאָר אַרום יידישן טעאַטער, ער ווייס, וואָס דאָרטן טוט זיך!..

הכלל, ער גיט די פּיעסן נישט פון האַנט... נישט און נישט! ווילט איר אַ פּיעסע, וועל איך זי איבערלייענען און פאַרטיק!..

דריטע פראַגע: אויף וואָס־זשע וואַרט אונזער „דראַמאַטורג"? — ער וואַרט אויף אַ דורכפאַל! ביי יעדער נייער פּיעסע וואַרט ער אויף דעם.

אונזער דראַמאַטורג איז זיך נוהג אַזוי: ער קומט אין טעאַטער אַלעמאָל צו די פּרעמיערעס, קומט מיט זיין טשעמאָדאַנטשיק, פול מיט כל טוב: היסטאָרישע פּיעסן, אָפּערעטעס, דראַמעס, קאָמעדיעס, טראַגעדיעס. און ער זיצט און וואַרט... איז די פּיעסע אַ דערפאָלג, נעמט אויס, האָט ער דאָ גאָרנישט וואָס צו טאָן, כאַפּט ער דעם טשעמאָדאַן, און לאָזט זיך תיכף לויפן אַהיים.

אָבער ווען גאָט העלפט און די פּיעסע איז אַ דורכפאַל, דאַן איז עס זיין אָוונט: ער הייבט זיך אויף וואַזשנע, מיט גרויס ווירדע, און לאָזט זיך גיין הינטער די קוליסן זען דעם דירעקטאָר... ער קומט אַריין מיט אַ נצחון־שמייכל: הא, וואָס האָב איך אייך געזאָגט?.. נו, האָט איר עס געדאַרפט? וואָס שפּילט איר אַלע שמאַטעס? ווען איר שפּילט דאָ מיינע אַ זאַך, וועלכע ליגט אָט דאָ ביי מיר אין טשעמאָדאַן, וואָלט איר דאָך געהאַט אי כבוד אי געלט!..

און דאַן נעמט מען מיט אים רעדן געשעפט... אָבער ער לאָזט זיך נישט, דער עיקר: ער וויל שוין. ער שטעלט זיינע באַדינגונגען,

אַז מען זאָל שוין באַשליסן, ער אָדער אַ פּורצע... סוקסעס אָדער דורכפאַל...

און אַזויווי די דירעקטאָרן קענען נישט באַשליסן ביי זיך, אַז זיי זאָלן אַזוי שנעל באַשליסן, לאָזט ער זיי איבער מיט כעס און גייט ווידער אַהיים... מיט זיין טשעמאָדאַנטשיק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קורץ, איך האָב פאַר אייך, טעאַטער-גייער, אַ סימן: ווען איר זענט ביי אַ פּרעמיערע-פאָרשטעלונג און איר ווילט וויסן, צי די פּיעסע איז אַ דערפאָלג אָדער נישט — קוקט אויף דעם יידן מיטן טשעמאָדאַנטשיק: לויפט ער אַוועק נאָך דער פאָרשטעלונג אַהיים, איז אַ אַ סימן, אַז די פּיעסע איז אַ דערפאָלג; אָבער ווען איר זעט אים גיין הינטער די קוליסן, מיינט עס — די פּיעסע איז דורכגעפאַלן...

## דער טעאַטער־קריטיקער לעיוצלאָכאָוויטש.

ווען מען קען אַרויסנעמען פון אַ טעאַטער־קריטיק אַ ציטאַטע פאַר אַן אַנאָנס אין די צייטונגען, איז עס פאַר מיר אַ סימן, אַז די קריטיק איז נישט גוט.

אַט אַזוי האַלט איך.

אַן אמתער טעאַטער־קריטיקער שרייבט שוין ממילא אַזוי, אַז מען קאָן אים נישט ציטירן...

אָבער אַמאָל פעלט מען דאָך אריין.

דו שרייבסט טאַקע נישט ספּעציעל פאַר ציטאַטן, אָבער אָט קומט דער פּרעסע־אַגענט פון טעאַטער און כאַפּט אַרויס אַ שורה פון דיינער אַ קריטיק, צעשניידט זי, באַפּוצט זי און מאַכט פון איר אַ ציטאַטע־צימעס, ווי עס לוינט זיך פאַר זיינע געשעפטן...

קאָן מען זיך, ווי זאָגט ער, נישט העלפן: אויף דעם לעבן מיר דאָך אין אַ וועלט פון פּרעסע־אַגענטן.

אָבער דאָ וויל איך פאַר אייך פאָרשטעלן אַ טעאַטער־קריטיקער, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף ציטאַטן, וועלכער שרייבט בלויז די טעאַטער־אַנאָנסן — דאָס איז דער טעאַטער־קריטיקער לעיוצלאָכאָוויטש!

מיט דעמדאָזיקן טעאַטער־קריטיקער איז געשען אַזאַ זאַך:

געקומען איז ער אין דער כלומרשט ראַדיקאַלער צייטונג „ליכט” גלייך פון אַפריקע, גאָר אַלס עקספּערט אויף דער שוואַרצער פראַגע, אויף דער אַפריקאַנער היץ און אויף אַלץ פון דער וועלט, נאָר נישט אויף טעאַטער־קריטיק.

האָט זיך אָבער די רעדאַקציע געכאַפּט, אַז ער טויג נישט.

האָט מען דעם הער לעיוצלאָכאָוויטש געפּרוּאווט אויף דאָס, געפּרוּאווט אויף יענץ — אָבער ס'איז נישט געגאַנגען.

אַ לא-יוצלח... טויג צו גאָרנישט...

וואָס-זשע טוט מען מיט אים?

האָט דער רעדאַקטאָר גענומען ברעכן דעם קאָפּ און טראַכטן, איז אים פּלוצלונג איינגעפאַלן: טעאַטער-קריטיק!

רופט ער אַריין דעם הער לעיוצלאָכאָוויטש און פרעגט אים:

— מר. לעיוצלאָכאָוויטש, אפשר וואָלט איר גאָר פּרובירן שרייבן טעאַטער-קריטיק?

האָט זיך אַ פּעטער שמייכל צעגאָסן איבער הער לעיוצלאָכאָוויטשעס פּנים:

— איך ווייס נישט, מיט וואָס מען עסט עס!..

מאַכט דער רעדאַקטאָר:

— דאָס ווייס איך, אַז איר ווייסט נישט, אָבער דאָס איז גאָר אַ מעלה. ווייבאַלד דער גאַנצער ענין איז אייך פרעמד, וועט איר דאָך שרייבן ווילדע זאַכן, וועט מען אייך לייענען און רעדן וועגן אייך און דאָס איז שוין גוט!...

נאָך אין דעמזעלבן טאָג איז אונזער לעיוצלאָכאָוויטש אַוועק אין טעאַטער. אַריינגעפאַלן גראָד צו אַ לוסטיקער פיינער קאָמעדיע „קוילעטשן". די גאַנצע צייט כמעט געשלאָפן מיט דעם פּראָגראַם אין האַנט, אַלס אַפריקאַנער סתם נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אין דער פּיעסע. אָבער ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער זיך געזעצט און אָנגעשריבן זייער אַ שטרענגע קריטיק. אין דער קריטיק האָט ער באַוויזן אַ סך לומדות: אַז אין אַפריקע שפּילט מען נישט אַזעלכע קאָמעדיעס, אַז דער סיוזשעט פון דער קאָמעדיע שטימט נישט מיט דער קאָנסטיטוציע פון דער „ליג פון נאַציאָנען" און אַז די אַקטיאָרן זענען נישט קיין טראַגיקער... און אַז אין דער רעזשי פון דער פּיעסע פעלט אַ טשוועקל... און דאָס טשוועקל וואָלט געמאַכט גוט די גאַנצע קאָמעדיע... און אַז איבסן האָט אויך געקענט שרייבן טראַגעדיעס...

ווען די קריטיק איז געווען אָפּגעדרוקט, איז געוואָרן אַ טומל. אַזוי בייז-אומבאַגרינדעט, אומגעלומפּערט-קאָמיש אַרונטעררייסן אַזאַ פיינע קאָמעדיע?—האָבן מענטשן געלאַכט... האָט זיך דער רעדאַקטאָר געכאַפּט פאַרן קאָפּ...

האָט ער אַריינגערופן דעם הער לעיוצלאָכאָוויטש און צו אים זיך אַזוי געווענדט:

— מר. לעיוצלאָכאָוויטש! אייער טעאַטער-קריטיק קלעפּט זיך דאָך נישט... איר האָט דאָך, משמעות, גאָר די פּיעסע נישט געזען... איר ווייסט דאָך גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך דאָרטן... איר רייסט דאָך עס אַרונטער גלאַט אין דער וועלט אַריין, מען לאַכט דאָך פון אייך אין די הויפנס...

— וואָס-זשע זאָל איך טאָן? — האָט זיך געוואונדערט הער לעיוצ-לאָכאָוויטש.

האָט דער רעדאַקטאָר ווידער אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— איך האָב פאַר אייך אַן עצה: איך האָב די זאַך איבערגע-טראַכט: פּאַר אַזאַ לא יוצלח, ווי איר, טויג נישט צו שרייבן אַרונ-טעררייסנדיקע קריטיק... אַנאַליטישע קריטיק, מיין איך... אַזאַ, ווי איר, מוז נאָר לויבן! מיין עצה איז: איר שרייבט אַזוי, אַז מען זאָל אייך קענען צ י ט י ר ן אין די טעאַטער-אַנאָנסן, איר פאַרשטייט?

— ווי אַזוי מאַכט מען עס? — האָט לעיוצלאָכאָוויטש געקוקט דעם רעדאַקטאָר גלייך אין מויל אַריין.

— ווי אַזוי? — האָט דער רעדאַקטאָר געשמייכלט. — אָט ווי אַזוי: איר לויבט כסדר אַ ל ץ און אַ ל ע מ ע ן: לויבט די רעזשי, די שוי-שפּילער, דאָס טעאַטער, די פּיעסע, דאָס מיידל ביי דער קאַסע, דעם עלעקטריקער אַפילו און עס וועט שוין זיין רעכט!

און דער עיקר—שרייבט עס אין שיינע געקליבענע מליצה-ווער-טער. וואָס מער מליצה! לייענט איר די ביבל?

— קענט איר מיר נישט געבן אַ פּאָר מוסטערן?—האָט זיך גע-בעטן הער לעיוצלאָכאָוויטש.—איך בין דאָך אַ גרינער!

— אָלרייט! — האָט דער רעדאַקטאָר געזאָגט, גענומען אַ בויגן פּאַפּיר און אָנגעהייבן:—איר, למשל, שרייבט אַזוי:

„דידאָזיקע דראַמע איז אַ נייער שיר השירים, דער געזאַנג פון דער נשמה פון יידישן פאָלק, פון אַלע פעלקער, פון גאַנצן קאָסמאָס..."

„די אויפפירונג איז אַ נאַכטיגאַל-סימפאָניע מיט כרובים-כאָר גע-מישט."

„דער סיוזשעט — אַ נביאישע אַנטפּלעקונג, וועלכע טרעפט דער מענטשהייט איינמאָל אין צוויי טויזנט יאָר."

„דער און דער שוישפּילער איז געוואקסן גאָר, גאָר פּאַר אַ גרויסן רעפּעטואַר.״

„דער און דער אַקטריסעס העלדין איז אַ מייסטערווערק פון זעלטענער שיינקייט, אַ שטיק קונסט פון גרעסטן פאַרנעם...״

„די גאַנצע זאַך איז אַ גרויסע דערשיינונג נישט נאָר אויף דער יידישער בינע, נאָר אויף די בינעס פון גאָר דער וועלט.״

„אַזוי גוט, ווי דער און דער אַקטיאָר האָט געשפּילט, וואָלטן נישט געקענט שפּילן אַ זאָנענטאַל, אַ קאַטשאַלאָוו און אַ בלעם!״

„דער און דער פרימאַדאָנעס שטימע איז אַ קוואַל פון יוגנט, „אַ קרעניצע״ פון גליק, אַ פאָנטאַן פון פרייד... אַ רעגנבויגן פון זיסע טענער...״

„דאָס איז אַ סקולפּטור! אַן אנטאקאָלסקי און אַ גליצנשטיין וואָלטן נישט געקאָנט אויסהאַקן קיין גאַנצערע פיגור...״

— איר פאַרשטייט?—האָט דער רעדאַקטאָר דערקלערט.—אַ פריער מעגט איר אין אייערע קריטיקן פלוידערן, רעדן פון וואָס איר ווילט. עס מעג זיך נישט קלעפּן, אָבער דער עיקר פאַרענדיקט מיט אַזעלכע פיינע ציטאַטן: די אויפפירונג איז אַ נאַכטיגאַל - סימפאָניע... די דראַמע איז אַ נייער שיר השירים א. אַז. וו. ווייל דער עיקר איז דאָך די אונטערשטע שורה... און דאַן וועט אויך זיין גוט... אין די טעאַטער-אַנאָנסן וועט מען דרוקן אויסצוגן פון אייערע קריטיקן, וואָס מר. לעיוצלאָכאָוויטש זאָגט און דאָס פאָלק וועט עס זען און גלויבן, אַז מסתמא זענט איר טאַקע דער גרעסטער קריטיקער...

מר. לעיוצלאָכאָוויטש האָט צוגענומען דעם פּאַפּיר מיט דעם רעדאַקטאָרס אָנגעשריבענע ציטאַטן-מוסטערן און איז אַרויס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דערשינען מר. לעיוצלאָכאָוויטשעס צווייטע טעאַטער-קריטיק. און די קריטיק איז שוין געווען איין שטיק לויב-געזאַנג. לעיוצלאָכאָוויטש האָט דווקא געזען אַ שטיק שונד, אָבער ער האָט געלויבט אַלעמען: די פּיעסע, די שוישפּילער, די רעזשי, דעם סיוזשעט, די דעקאָראַציעס, וועלכע זענען דאָרט גאָרנישטאָ. און ער האָט פאַרענדיקט מיט—„אַז אַזאַ אויפפירונג האָט ער נאָך אויף זיין לעבן נישט געזען, נישט אין אַפריקע און נישט אין אייראָפּע. די אויפפירונג איז אַ נאַכטיגאַל-סימפאָניע מיט אַ כּרובים-כאָר געמישט״... אַ נייער שיר השירים, וועלכן אַ מאָדערנער שלמה האָט אָנגעשריבן...״

אין דעמזעלבן טאָג, ווי די טעאַטער-קריטיק איז דערשינען, האָט די רעדאַקציע געקריגן אַ טעלעפאָן פון דעם דירעקטאָר פון טעאַטער, פון פאַרפאַסער, פון די אַקטיאָרן. מען האָט באַדאַנקט דעם רעדאַקטאָר פאַר לעיוצלאָכאָוויטשעס קריטיק.

אָט דאָס איז אַ ברילִיאַנטענע קריטיק... אָט דער מענטש פאַר-שטייט טעאַטער!

און גלייך אויף מאָרגן איז דערשינען אַן אַנאָנס פון דעם טעאַטער מיט דער נאַכטיגאַל-ציטאַטע פון לעיוצלאָכאָוויטשן, אין די גרעסטע ווערטער, וואָס דער וועלט-באַרימטער טעאַטער-קריטיקער פון „ליכט" זאָגט וועגן דער „פריילעכער אלמנה".

— נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט! — האָט דער רעדאַקטאָר זיך געווענדט צו לעיוצלאָכאָוויטשן. — איר גייט נאָר אויף דעם וועג און איר וועט מאַכן אַ קאַריערע!

און דער טעאַטער-קריטיקער לעיוצלאָכאָוויטש האָט געפאָלגט דעם רעדאַקטאָר, און ער לויבט און ער שרייבט צום ציטירן. און זיין נאָמען וואַקסט, וואַקסט...

ער איז געוואָרן דער בעסט-ציטירטער, טעאַטער-קריטיקער פון די טעאַטער-אַנאָנסן...

# זיין צעשטערטער טרוים.

(מאָנאָלאָג פון אַ יונגנמאַן).

אַמאָל איז מיין טרוים געווען צו זיצן אין אַ טעאַטער, אין אַ „באָקס”, הייסט עס.

אין אַ לאָזשע, האָב איך געהערט, זיצן אַלע גרויסע מענטשן: קסרים, מלכים, פירשטן, גבירים אַדירים; אַ לאָזשע קאָסט איבער־הויפּט אַ סך געלט און איז גאָרנישט צוגעגלעך פאַר געוויינלעכע בשר־ודמס. מען פאַרקויפט עס גאָרנישט צו אַ „נאַש בראַט”.

און ווען איך פלעג זיצן אויף דער גאַליאָרקע און אַראָפּקוקן אונטן אין טעאַטער, האָט פאַר מיר די לאָזשע אויסגעקוקט ממש ווי אַ קייזערלעכער פּאַלאַץ.

און איר הערט, ווען איך האָב גענומען אַרומגיין מיט אַ מיידל, איז מיין טרוים געווען צו זיצן מיט איר אין אַ לאָזשע.

און איך האָב זיך געמאָלן: איך מיט מיין געליבטער זיצן אַליין קעניגלעך אויף די ווייכע שטולן, באַזונדער, אָפּגעטיילט, שפּאַרן זיך אָן אויף די גאָלדענע פּאַרענטשעס.

אָבער ווי זאָגט איר: הפּנים, אַז יעדער חלום מוז אַמאָל קריגן אַ פּתרון...

איך האָב זיך אַמאָל באַקענט מיט אַ יונגן אַקטיאָר נאָך פון די אָנפאַנגער, נעמט ער איינמאָל און גיט מיר בילעטן. און איר הערט? דווקא „באָקס־טיקעטס”, אמתע לאָזשעס!

גלויב איך מיינע אויגן נישט: איך וועל זיצן אין אַ לאָזשע!

אַ גליקלעכער לויף איך אַוועק צו מיין מיידל און דערצייל איר פון אונזער גליק: מיר האָבן „באָקס־טיקעטס”! דערפרייט זיך אויך מיין מיידל — איין קלייניקייט: באָקס־טיקעטס!

דער טאָג האָט געדאַרפֿט זיין שבת נאָכמיטאָג. מאַטינע, און מיין מיידל, האָט זיך בלויז געערגערט, וואָס זי האָט נאָך נישט איר ניי קלייד, וואָס זי קלייבט זיך קויפֿן...

די עטלעכע טעג ביז דער פֿאָרשטעלונג בין איך אַרומגעגאַנגען, ווי אין אַ חלום: ווער ווייס, מיט וועמען ס'וועט אונז באַשערט זיין זיך צו טרעפֿן אין לאָזשע? אפֿשר גאָר מיט אַ מיליאָנער? און אויך מיין מיידל איז געווען אומרויִק, אָבער איך האָב זי באַרויִקט: נישקשה, בעקי, דו האָסט נאָך גענוג שיינע קליידער אין וואָס צו ווייזן זיך!..

מיט אַ טאָג פֿריִער האָב איך זיך שוין גענומען גרייטן: נישט געגאַנגען אַרבעטן, אָפּגעגעבן וואַשן און פּרעסן מאַנכע קליידער, גע־קויפֿט נייע שיך, אַ ניי אויבערהעמד, אַ קראַוואַט... און ווען ס'איז געקומען שבת, האָב איך זיך נאָך פֿון אינדערפֿרי גענומען וואַשן, אָוועק צום ראַזירער און גענומען, חוץ אַ שייוו, אויך אַ מאַסאַזש פֿון אַ שאַמפּו און אַ העיר־טאָניק...

און איר הערט? ווען איך בין געקומען נאָכדעם צו מיין מיידל, גרייט צו גיין, האָט זי אַזש אויפֿגעעפֿנט דאָס מויל פֿון אי־בעררעשונג: איך האָב אויסגעקוקט, ווי אַ פּרינץ, פֿון מיר האָט גע־שמעקט און געלויכטן.

אָבער אויך מיין בעקי האָט אויסגעקוקט נישט ערגער, אָדער אפֿשר נאָך בעסער. אויך זי האָט געאַרבעט שווער, ביז זי האָט זיך פֿאַרפּוצט, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ס'איז דאָך עפּעס נישט גאַליאַרקע! און ווער ווייס, מיט וועמען מען קאָן דאָרט זיצן צוזאַמען?

ווען מיר זענען געקומען אין טעאַטער און מיר האָבן גענומען גיין צו אונזער לאָזשע, האָט מיר געציטערט אַ קני. אָבער ענדלעך זענען מיר געקומען אינווייניק, און דווקא זייער פֿרי, און גענומען די ערשטע שטולן, זיך צעזעצט מיט גרויס ערפֿורכט און דרך־ארץ. און גליקלעך זענען מיר געווען, איך און מיין בעקי — אָן אַ שיעור און אָן אַ ערך!

און אָט האָט זיך דאָס טעאַטער גענומען ביסלעכווייז אָנפֿילן. און אָט—האָט זיך אין אונזער לאָזשע אַריינגעקייקלט אַ יידענע, פֿעט און רויט און ברייט, אַוודאי אַן אַכט־פּודיקע פֿרוי, און נאָך איר אַ מאַן—אויך פֿעט און רויט און ברייט, און נאָך זיי אַ מיידל מיט אַ יינגל, אויך נישט קיין שיפּע זיבעלעך...

זיי זענען אַלע אַריין מיט גרויס רעש און געפילדער, עס איז געוואָרן אַ גערוקעריי פון שטולן, די לאָזשע איז געוואָרן פול מיט ווינט און מיט אַ מאָדנעם ריח, ווי פון טשאָלנט אָדער קנאָבל...

איך מיט מיין בעקין זענען געווען ממש איבערראַשט. און דאָ הערט ווייטער: די יידענע האָט זיך ענדלעך באַזעצט, און באַזעצנ־דיק זיך, האָט זי דערוויילט שיעור נישט איבערגעקערט מיין לייכט־וואָגיקע בעקין... אַזאַ זעץ אַוועק האָט זי זיך געגעבן.

און דער מאַן האָט, איידער ער האָט זיך געזעצט, מיר אָנגע־טראָטן אויפן פוס, אָבער אַזוי ריכטיק, אַז איך האָב געמיינט, אַז „גוד־באַי מיין פוס!

און נאָכדעם ערשט האָט זיך דאָס פּאָרפאָלק גענומען דורכ־שמועסן אויפן קול, קריגן זיך, און דערביי האָט מען אַרויסגענומען עפּל, אליין געגעסן און דערלאַנגט די קינדער.

איך בין געזעסן, ווי אַ באַגראָבענער, איך האָב זיך געשעמט פאַר מיין בעקין און אויך זי פאַר מיר.

ווער זענען זיי עס? איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דער ייד איז אַ קצב און די יידענע אַ קצבטע. און ווי קומען זיי אַהער? — און אין אַ לאָזשע? איז הייסט עס, אַט אַזעלכע מענטשן זיצן עס אין לאָזשעס?

פון זייער איבעררעדן האָב איך זיך באַשטעטיקט, אַז מיין השערה וועגן אונזערע לאָזשע־שכנים איז אַן אמתע.

די קצבטע האָט גערעדט אַזוי:

— אַז האַקן זאָל מען פון דיר די פלאַנקען, רבונו של עולם! ווי דו נעמסט מיר דעם לעבער, יאָגסט מיר אַרויס די נשמה, וואָס האָסטו געוואָלט? אַז יאָגן זאָלן פון דיר די געדערעם... וואָס זענען מיר געקומען אַזוי פרי, וואָס? דו פאַרפוילטער שטיק פלייש, וואָס דו ביזט!

און ער האָט איר צוריקגעוואָרפן אַזוי:

— מאַך צו דיין פּיסק, בהמה, ווייל איך וואַרף דיר באַלד אין קאָפּ אַ האַק!

אַ קצב אוודאי, געוויס! אָבער ווי קומען זיי אין אַ לאָזשע?

און אין אַנטראַקט, ווען די קצבטע מיט די קינדער זענען אַרויס און דער קצב איז געבליבן אַליין, האָב איך מיט אים פאַרפירט אַ שמועס:

— וויפל האָט איר באַצאָלט פאַר אייערע בילעטן?

צעלאַכט זיך מיין קצב אַזוי הויך אויפן קול:

— כאַ, כאַ, כאַ! באַצאָלט! אַ קרענק זיי אין די זייטן! איך וועל זיי צאָלן, פאַרוואָס קומט זיי צאָלן?

— טאָ ווי־זשע קומט איר אַהער? — פרעג איך אים.

דערציילט ער מיר אַזאַ מעשה, אַז ער האָט אַ קונד, איז זי די פרוי פון אַן „אָשער" אין דעם טעאַטער. נו, וואַרפט ער איר צו מער מיט אַ מאַרך־ביין און זי גיט אים דערפאַר אַלעמאָל „באָקס־טיקעטס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דאַן אָן איז מיין טרוים וועגן לאָזשעס צערונען געוואָרן אויף אייביק..."